# דער בין הזמנים

אדער

## בין רגל לרגל

אריגינאל געשריבען

פון

אביגדור ברכי׳ רוף

פערקויפט אויף אייביג אן ה׳ י׳ ב׳ מ׳ אויס ווארשויא

---

דרוקערייא פון ה׳ אפרים בוימריטטר. עט י. ראטהבלאטט,

---

# DER BEJN HAZMANYM

(przez)

Wigdora Borucha Ruf

sprzedano na własność B. M. z Warszawy

w Drukarni F. Baumritera i J. Rotblata

WARSZAWA

1866



Wolno drukować z warunkiem złożenia w Komitecie Cenzury po wydrukowaniu prawem przepisanéj liczby egzemplarzy —

Warszawa dnia (18) 30 Stycznia 1866.

*p. o. Cenzora B. Cymerman,*

# אינהאלט

1 דער חודש אלול

2 דיא הייליגע רייזע קיין . . .

3 דיא גאריקעך

4 דער מתנגדישער שווער און דער חסידישער איידעם

5 דיא מלמדים׳ס פערגניגן אום שבת און יום טוב

6 דער בין הזמנים

7 דער בעל לשון הרע

8 דער מלמד דוכאוונע געקלייד

9 דער געגארטעטער סנדק

10 דער צווייטער טאג חול המועד סוכות

11 שלום

# פֿאָררעדע

גוטֶער לֶעזֶער ! דָאס הָאט זיךְ נָאךְ נִישְׁט
גֶעטְרָאפֶען , אַז מֶען זָאל קֶענֶען פַאר דִיא גַאנְצֶע
וֶועלְט יוֹצֵא זַיין, אַלְלֶע זָאלִין מִיט אֵיין מֵיינוּנְג
יֶענִימְס אַרְבֵּייט בֶּעאוּרְטֵיילֶען , יֶעדֶעס בּוּךְ אִיז גְלַייךְ
צוּ אַשְׁפִּיגֶל , נִישְׁט אֵיינֶער זֶעהְט זיךְ דְרִינֶען זֵייעֶר
הֶעסְלִיךְ אוֹיס . גַאנְץ אַיינְגֶעריסְט , נָאר וֶוער עֶס
אִיז קְלוּג גֵייט זיךְ בַּאלְד אָפּ וַואשִׁין , אוֹיךְ בְּרוּיךְ
דֶער מְחַבֵּר וִויסֶען פַר דִיא וֶועלְט יוֹצֵא צוּ זַיין ,
אַבְּגֶעהִיטֶן זַיין פוּן מֶענְשִׁינְס מַיילֶער , אֵיינֶער וֶועט
זָאגֶען וָואס גֵייט עֶס דִיךְ אָן , דֶער אַנְדֶערֶער וֶועט
זָאגֶן, חְלֶעבִּין עֶר הָאט גִיטְרָאפִין פּוּנְקְט אוֹף דֶער
הָאר , עֶס אִיז גָאר מַיין אֵיידֶעמִיל אוֹיסִין אוֹיג ,
דֶער דְרִיטֶער וֶועט זָאגֶן , עֶר אִיז עֶפִּים גָאר אַיין
(אַפִּיקוֹרֶס) . נָאר פַאר דֶעם דְרִיטֶען בִּין אִיךְ זִיכֶער,
אִיךְ וֶועל מֶעהְר מֶענְשִׁין הָאבֶּען אוֹיף מַיין זַייט
אַלֶעס אִין זֵיינֶער זֵייטֶע, דֶען דָם וֵוייס הַשֵּׁם יִתְבָּרֵךְ,
אַז אִיךְ הָאבּ לִיבּ אַלֶע צַדִיקִים, אוּנ אַלֶע גוּטֶע יוּדֶען
אוּנ פָארְבֶּט מִיךְ פַאר זֵייא, אַזוֹיא וִויא עֶס שְׁטֵייט
(ואהבת את ה׳ אלהיךָ. את ה׳ אלהיךָ תירא) לְרַבּוֹת
תַּלְמִידֵי חֲכָמִים. חֲכָמִים אִיז לָשׁוֹן רַבִּים , מֶען בְּרוּיךְ
זִיךְ צוּ פֶערְבֶּטִין אוּנ לִיבּ צוּ הָאבִּין גָאט בָּ״ה אוּנ
אַלֶע צַדִיקִים גָאר אָן אַיין אוֹיסְנָאהְם :

המחבר **אביגדור ברכי׳ רוף**

# דער חודש אלול

זכור ימות עולם בינו שנות דור ודור, שאל אביך ויגדך זקניך ויאמרו לך (דברים לב. ז)

(1)

ווייל איך האבע דס אין דיזע צייט אנגפאנגן צו שרייבן וואר איך געוויינט דס ערשטי קאפיטיל אין מאראל צו ווידמען. איך מיני ליבע לעזערם פאר צו שטעלין ווי דער (חודש אלול) האט אמאל אויס געזעהן. אונ וויא ער זעהט היינט אוס. דארורך האבע איך דעם פסוק אן געוויזן. וואס איז טייטש. פרעג דיין פאטר וועט ער דיר זאגן. דייני אלטי לייט ווערן דיר דערציילען. מיט פיל יאהרן צו ריק ווען דער (חודש אלול) האט נאר גוט מארגן גזאגט, האט איטליכר יוד. אהייליגע ערוועקונג בקריגן. ער הט זעלבסט נישט גיוואוסט פון וואנען עס איז אים גיקומן די שרעק פון דעם (יום הדין) אונ עס הט אים אהייליגס שוידער אין זיין קערפער גגעבן, ער האט זיך שון אן גהובן אום צו זעהן אונ דורך צו זוכין זייני מעשים פון אגאנץ יאהר, ער איז גגאנגן מיט דעם קאפ אראפ גילאזט אזו וויא דר פר ברעכר ווען מען פירט אים פאר דעם ריכטר אונ ער גייט איבר די גאס בעוואכט מיט גיוועהר, איטליכר האט זיך באלד גינומן צו עפים הייליגעס, דר צו די מצוה, דר צו דעם, דר צו יענם, אפילו נאך איודשע זעמיל איז מען גלאפן אין דר פינפטר גאס ארייז, היינט אבער דר ערשטער בלאז פון שופר זעהט אויס ביא דיא פראכטי מענשליך וויא פון אטרומפייט. ער הערט עם אפילו גאר נישט. ווארום ער אנטלופט נאך גאר פון שוהל איידער מען דאווינט אן. טרעפט זיך איין פרומאק וואס שטראפט אים. ברודר. עס איז דאך היינט (ר״ח אלול). ענפרט יענר אווא. מיין שכן איז אלמדן אונ גייט נישט אגאנצי וואך אין שוהל אריין. פר וואס? פרעגט דר ערשטער. ווייל אסאך שטיבליך ווערן נאר אויף גימאכט משבת לשבת. אונ מיט באלאבאנים צו

זאמן

זַאמִין ווִיל עֶר נִישְׁט קוּמֶן פַר גָאט בָּ״ה. גֶענוּג עֶס אִיז הַיינְט נִישְׁט דָאס ווָס עֶס אִיז אַמָאל גְוֶועזְן:

אַצוּנְד לִיבֶּר לֶעזֶר, לָאזִין מִיר נָאר בֶּעטְרַאכְטֶן דִי ווַאנְד ווֶעלְכִי פֶּרְשְׁטֶעלְט צְווִישֶׁן אוּנְז אוּנ צְווִישֶׁן דֶעם (חוֹדֶשׁ אֶלוּל) ווִיא ווַייט מִיר ווֵייסֶן (אַחוּץ ווָאס דֶר שָׂטָן אִיז אוֹיף דֶר חֲתוּנָה דֶר גְרֶעסְטֶר מְחוּתָּן). ווִיא עֶס קוּמְט דֶר (חוֹדֶשׁ אֶלוּל) ווָאס מִיר רוּפִין אִים דֶר בֶּעהְר, דֶר מַאנֶן זִיךְ דִי גֶמֵיינִי לַייט גָאר אָן אַיין אַנְדֶרְן בֶּעהְר, ווָאס עֶר טוּט זִיךְ אָן אִין ווַייסֶן אוּנ פֶּרְדַארְבְּט אַלִי רוֹיזֶן, אַלִי בְּלוּמֶען, רוּזִירְט אָפּ אַלִי בֵּייְמֶער, מַאכְט פֶּרְגְלִיוֶועְרְט אַלִי ווַאסֶרְן (חוּץ דֶעם יַם) פַר דֶעם גַאסְט שְׁרֶעקְן זִיךְ אַלִי אָרֶמִי אֵיינְווָאהְנֶער, מֶען בֶּווָארֶנְט אַלִי שְׁטוּבְּן, מֶען פֶּרְזָארְגְט אַלִי טִירְן אוּנ פֶּענְסְטֶר, עֶס זָאל זִיךְ קֵיין שְׁפַּארֶעְדִי נִיט גֶעפִינֶן, גִינוּג עֶר אִיז אַגַאנְצֶר מְחַבֵּל, דָאס אִיז דֶר ווִינְטֶער, דָא דֶרְמַאנִין זִיךְ דִיא אָרֶמִי טַאטֶע מַאמֶע אוֹי דִי קִינְדֶרְלִיךְ גֵייֶען נַאקִיט! בָּארְווֶעס! זֵיי פַר דִי עֶרְשְׁטִי קֶעלְט צוּ בֶּעשִׁיצְן? דֶעם גַאנְצֶן זוּמֶר ווִי זֵיי זֶענֶן גִינַאנְגֶן זֶענֶן זֵייא גִיגַאנְגֶן, אָבֶּר ווִינְטֶר! ווִינְטֶר נֶעבֶּעךְ, שְׁרֶעקְט דִי הֶערְצֶר בַּיי דִי אָרֶעמִי עֶלְטֶרְן, ווַייעֶרֶע שְׁוֶולֶפְּלִיךְ צוּ בֶּעפֶעהֶרְן. דָם לִיגְט זֵיי נָאךְ מֶער אִין זִין ווִי דֶר (יוֹם טוֹב):—

דֶר נָגִיד דֶרְמַאנְט זִיךְ ווִידֶר עֶס ווֶעט אִים ווֶערְן אַלָאךְ אִין דֶר קֶעשִׁינֶע אִיבֶּר דִיא יָמִים טוֹבִים, אוֹיךְ ווִיא ווֶעט עֶר נִישְׁט בְּרוֹיכְן אָרֶמִי קְרוֹבִים צוּ טֵיילֶען עֶטְלִיבֶע הוּנְדֶרְט גִילְדֶן, ווֶעלְכִי זֶענְן צוּ זַיין אוּמְגְלִיק דֶם יָאהְר נָאךְ נִישְׁט בַּגְלִיקְט גֶווָארֶן, אוּנ בְּרוֹיכֶן נָאךְ זַיין לַאסְקֶע: דֶר יוּדִישֶׁער אַבֶּווַאטֶעל דֶר מַאנְט זִיךְ ווִידֶר, אַז דֶם קְווַארְטֶל מִיטֶן יִרִיט ווֶעֶרן אַצְווִילִינְג, דֶם דִירָה גֶעלְד ווֶעט זִיךְ פֶּרְצֶעגֶרִין צְווֵיי ווָאכִין לֶענְגֶר, ווֶעט עֶר מוּזֶן נַייֶע נַאקַאזִין אָן גְרֵייטֶן:— דֶר לִיכְוַוארְשׁ (פְּרָאצֶענְטְנִיק) דֶר מַאנְט זִיךְ אוֹיךְ, ווֶער ווֵייסְט ווִיפִיל רַאטֶעס ווֶעט אִים ווֶערֶן אוֹיף גִיהַאלְטֶן, פַּאסֶעס צוּ רֵייסֶן פַּאסְט נִישְׁט דִי צַייט:— דִי מְלַמְדִים בְּלַייבֶּן זִיצְן ווִי אָן קֶעפְּ, ווָארוּם ווֶער ווֵייס ווִיפִיל עֶס ווֶעלִין זֵיי נִישְׁט בַּצָאלִין פַר

תשרי, אונ אויב זיי וועלן קריגן פון זייערי בעלי בתים געלד
אויף יו"ט. טייל קלערן שון אויס (לשון הרע) צו ריידן דעם (בין
הזמנים) אויף דיא אנדרע מלמדים, (איז דען דאס ליגנט ?) צו
ווייזן אז נאר ער איז דאס:– אין חודש אלול ווערט ווייניגער
תורה געלערנט. יונגי לייט קעסט קינדר זאגן באלד די גמרא
אדיע, ער קלערט שון ביים שווער צו נעמן קערבליך אויף די
רייזע, איז דר שווער נאך זיינס גלייבן דס הייסט פון דר אייגנר
כתה חסידים איז גאנץ גוט, איז ער פון איין אנדרי כתה איז
אהאלבי לייד, איז ער אבר גאר אמתנגד איז אפטמאל גרויסע
צרות, איז ער נאך אלמדן אונ ווייסט וואס די היילגי רייזע בעטייט
שאדעט נישט גלייבט מען זיך אויס, איז אבר דר שווער איין
(עם הארץ) ער האט נאר גנומן אחסידיש איידמיל אויף ריחם,
אונ ווייל דר שדכן הט אים גזאגט אז ער איז אלט 16 יאהר אונ
פארט שון אכט יאהר צום רבין, האט ער גקלערט ווי האט ער
נישט ביי יעדן מאל פארן מקבל גוועזן אפאר פונט גמרא, דרום
האט ער אים געליבט מער וויא זייני אייגני קינדר וועלכי זענן
שטיקלך בני תורה, אונ דעם סוד הט ער נישט גוואוסט אז
נישט גנוג ער הט דארט ניט גלערנט, ער הט אפילו אין דר
היים אחודש דרפאר אונ אחודש דר נאך אויך נישט גלערנט.
דר שווער איז נאר גיוואהר גווארן פון זיין קלאג, ווען עס איז
גקומן שבת ביי דעם טיש, הט דר איידעם אים אויף גקלערט, אז
נאר אשטיבל מענש איז דר עיקר. אונ אמתנגד איז גאר נישט.
אונ פון יעדרין ווארט וואס דר שווער הט גירעט הט ער חוזק
גמאכט, חאטשי עס איז גלייך אונ יודיש גוועזן. דס וואלט נאך
אלץ נישט גישאדט. נאר ווי דיא דרוואקסינע זיהן האבן דס
גיהערט. אונ זיי האבן אן גיהובן מיט אים שטודירן אין תורה.
אונ אין וועלט זאכן. הט זיך אויס גוויזן אז פון איין פסוק חומש
ווייסט ער נישט. אונ תניך הט ער נישט גיטארט לערנן. ווארום
עס שארט זייער צו דעם.. אונ אפילו די נגינה פון דר סדרה

ווייס

וויים ער אויך נישט. עס האט ביי אים שטענדיג אוים גזעהן ווי מוזיקאלישע נאטין. דאן איז ער שוין ביי דעם שווער אביסלי לייכטער געווארן, זא האט ער זיך שוין גמוזט ביי זיין ווייב העלפן אויף רייזע קאסטן:

דעם חודש אלול הייבען אן די ב״ב אפ צו שטיין פון דיא מעטערס און לעהרער וויא דיא פיש אויסען וואסער פאר וואס טוהן זיי דאס? ווייל זיי האבן ר״ה אדר אויך אזו געטוהען, קיין שום זאך לערנט זיך דער נגיד ביא דעם גימיינם מאן. נאר דאס האבען זיך געשווינד אוים גילערנט, דער לעהרער זעהט אוים דעם חודש ביי זייני ב״ב, פונקט וויא איין מחבר ברענגט זיין ווערק צו איין גראבין יונג, און בעט איהם איין עגזעמפלאר צו נעמען, וויא הייסן דיא לעהרער עסן דעם חודש תשרי פון דיא זעלבע קאשע האס מען ווארפט דיא פייגעלעך שבת שירה ליבער לעזער ווייל איך האלט אין שמום וועל איך דיר עפעס דער ציילין, איך וויים דאס דו ביסט איין בעל סוד דו וועסט עס פאר קיינעם נישט אויס זאגן, אוף דעם... וואונט איין געוויסער גביר, ער האט קיין קינדר, ביא איהם אין זיין אייגן הויז, האט געוואונט איין אלטער לעהרער, וועלכער האט נאך אונטער ריכט גיגעבן, דעם גבירס ווייב, ווען זיא ווער נאך איין מיידל, און ניכט לענגס. האט דר זעלבער יודישער אלטר שוואכער לעהרער ביא איר אין שטוב שטוהן גיגעבין. איינע קרובה. וועלכע דיזע שיינהייליגע פרויא. האט זיך אונטער גינומען איהרע מוטער צו זיין. דיזער אלטר מאן האט בעוואהנט דארט איין צימער דונקל און שמוציג. גענוג גיזאגט וויא איין האלין קעמערל. דאס אומגליק האט פערלאנגט. דעם לעהרער נישט צו לאזין פון בעט ארום ביז פיר פינף מאנאט. ווער וויסט דאס נישט אז איין לעהרער. איז

נאר

נָאר וִויא אַיין טְרֶעגֶר. וָואס עֶר אַרְבֵּייט נִישְׁט אוֹיס דָאס
הָאט עֶר נִישְׁט. דִיזֶער אִיז פַאר דִי פְּאר חֳדָשִׁים שׁוּלְדִיג
גֶעבְּלִיבֶּן. גָאט הָאט זִיךְ אָן גִיהוֹבִּין אִיבֶּער דֶעם אָרְמֶען
צוּ עֶרְבַּארְמָן. עֶס אִיז עֶם עֶטְוָואס בֶּעסֶר גִיוָוארִין, עֶר הָט
גֶעווָאלְט אַבִּיסֶל אוֹיף דֶעם הוֹיף אַרָאפּ גֵיין. עֶר הָאט זִיךְ
אָבֶּר גִישֶׁעמְט אִיבֶּר זַיינֶע זֵייעֶר אָבּ צֶערְרוּנְג. פַאר דִי
אִיבִּירִיגֶע אַיינְוָואהְנֶר זִיךְ צוּ וַוייזִין. אֵיין כָאל אוּם 3 אוּהְר
פַאִרְטָאג. דֶעז עֶס וָואר בַּיי זָאמֶערְס צַייט. אִיז זִיךְ דִיזֶער
אוּנְגְלִיקְלִיכֶר. דָאס עֶרְשְׁטִי מָאל מִיט אַלֶע קְרֶעפְטֶן אוּנ מִיט
דִיא הִילְף פוּן אַיין שְׁטֶעקֶעלֶע. מִיט גְרוֹיס מִיה אוֹיף דֶעם
הוֹיף אַרָאפּ גִיטְרֶעטִין. עֶר הָט נָאךְ קֵיין צַייט גִיהַאט מִיט
זַיינֶע שְׁוַואכֶע אוֹיגֶן דֶעם שֵׁיינֶעם לוּיטֶערִין הִימֶעל אָן צוּ
זֶעהְן. אוּנ דֶעם אַלְמַאכְטִיגֶן שֶׁעפְּפֶער אַיין דַאנְק צוּ גֶעבֶּן
זָא וִויא קָלָאמְבּוּס מִיט זַיינֶע מֶענְשִׁין וֶוען זַייא זֶענִין דָאס
עֶרְשְׁטֶע מָאל פוּן וַואסֶר אוֹיף דִיא עֶרְדֶ גִיטְרֶעטִין, אִיז
זִיךְ פוּנְקְט גִיזֶעסִין דֶער וֶוערְט בַּייא דֶעם פֶענְסְטֶר. נִישְׁט
אִין קֵיין הֵיילִיג סֵפֶר אַרַיין גֶעקוּקְט. נָאר בֶּעטְרַאכְט דֶעם
רוֹיךְ פוּן זַיין צִיגַאר. אוּן דֶעם אַלְטֶען דִי זֶעהֶען. דַאלִי
אַרוֹיס פוּן צִימֶער וִויא דִיא קוֹיל פוּן דֶר בִּיקְס. גְלַייךְ דֶעם
אַלְטִין גִיטְרָאפִין. הֶערְט נָאר אִיהְר! גֶעלְד! גֶעלְד! דֶר אַלְטֶר
נֶעבְּךְ הָאט זִיךְ קוֹים זַאטְאטְשֶׁעט צוּ אַיין קְלָאץ זִיךְ אָן צוּ
שְׁפַּארְן. אוּנ קֵיינֶע קְרֶעפְטִין גִיהַאט צוּ עֶנְטְפֶערִין אִיהְם,
דֶר וֶוערְט ווִירְד אָבֶּר בַּאלְד בֶּעסֶר וִויא עֶר זֶעהְט דָאס
דִיזֶער הָט זַיין שְׁפְּרָאךְ שִׁיר פֶערְלוֹירֶן. אוּם עֶהְם וֶוערְטֶר
אַיין צוּ שְׁפָּארֶן, הֶערְט אִיהְר ר׳ וי׳... עֶס אִיז נָאךְ
אַ פָּאר וָואכֶן צוּם קְוַוארְטֶל. אִיהְר זָאלְט מִיר זֶעהְן פַאר
דֶר צַייט בִּיז צוּם קְוַוארְטֶל צוּ גֶעבֶּן. פַר 2 חֳדָשִׁים הָאבּ
אִיךְ גִינוּמֶן. בְּלַייבְּט אִיהְר שׁוּלְדִיג בִּיז צוּם קְוַוארְטֶל נָאךְ
פַר דְרַייא. אוּן אִיהְר הָאט שׁוֹין בַּיי מִיר קֵיין דִירָה נִישְׁט.

און

און פאקט איך . א שיינע פרישע לופט גענאסען ; דר ווערט איז זיך צו ריק אין זיין גן עדן אריין . וויא איז געבעך דר אונגליקליכר גיבליבן ; דר ווערט האט אויך ווארט געהאלטן . נישט גענוג ער האט ביי איהם צום קוואַרטל נישט געוואלט קיין משכון נעמן . אונ עס קיין גראשן גישענקט . מען האט עס נאך מיט דיא גרעסטע שימפף ווערטער בעגלייט , אט אזוי ווערט א לעהרער אוף זיינע עלטער בעהאנדילט . ווען גאט ב"ה גיבט נאר איין בליק אוועק ח"ו . אונ נאך אויף פיל ערלייא ארטען ווערדען דיזע קלאססן וויא אויך מלמדים גראב בעהאנדלט . ווייטר ווירד שאן דיזע היסטריע ברייטר דאפאן שפרעכן , יעצט מוזען מיר עס שטיין לאססען . גענוג דר חודש אלול שטעלט דר שטן יעדען עטוואס אנדערש פאר . זא וויא מיר עטוואס דאפאן גישריבן האבן . אום יעדען מענש צו פאר דרייען דעם קאפ . זיך קיין צייט צו האבען . אוף זיינע זעלע (נשמה) אום צו קוקען :

## *) דיא היילינע רייזע קיין ....

וועלבער יהודי . וואס ווייסט נאר . וויא מיר האבן איין מאל אוים גיזעהן . ווען אונזער בית המקדש איז גישטאנן . אונ ווען מען איז גיגאנגן עולה רגל זיין . ווען ער דער מאנט זיך דאס . טריפט נישט רען זיין בלוט פון הערץ . בענעטצען איהם רען נישט זיינע טרערין דיא וואנגען ? וויא איטליכר יוד . הט זיך זיין קיישל מיט ערשט צייטיגע פרוכטן צום כהן געברענגט . מיט וואס פאר אפאראד מען איז גיגאנגן . מיט וואס פאר איין מוזיק . מיט וואס פאר א שמחה . אונ אויפהייטערקייט . אפילו דער קעניג אגריפס זעלבסט האט זיך זיין קיישיל פון גאלד גיטראגן

אות

# דיא הייליגע רייזע

אויף זיינע טהייערע שולטערן אונ איז זא גיקומן פר דעם הייליגן גאט קיין ירושלים. ווען מען דער מאנט זיך דאס מען הט דאס אלץ פערלוירן. עס איז אונז נישט מעהר געבליבן נאר דאס ביסל תפילות וואס מען בעט מיט דעם מונד. און אויך נישט מיט דעם גאנצן הערצן. ווערן דאך אלע גלידער צו בראכין. און דער מענש פאלט ביי זיך אין גאנצן אב. נור דיא איינע טרייסט בלייבט אונס. דאס דר הייליגר גאט ווירד זיך ווידר איבר אונס ערבארמן. מיר וועלין ווידר זוכה זיין. צו דעם זעלבן באלד און גיך. נור ווייל יעדער איז נעבעך פר יאגט מיט זיין ברויט. זא קענען מיר עס אין גאנצין פר געסן. הט אונס דיא צייט איין שפיגל פארגישטעלט מיר זאלין זיך דארינן איין זעהן. וועלען מיר זיך דר מאנען אן יענע צייטין. דאדורך האבן מיר דאס צווייטע קאפיטל איין גאמען גיגעבין. דיא הייליגע רייזע:

איין פאר טאג פאר ראש השנה אום 10 אוהר פאר מיטאגס. דר הימל וואר באדעקט מיט וואלקען. איין גרעבטער שפרייא רעגין. מיט איין ווינד האט יערען זיין פנים בענעצט. האט נישט ערלויבט צו זעהן. וואס אויף דעם גרזי .... טוט זיך. פלוצלינג האט זיך אן גיהובן דר הימל אויס צו לאטירן. די ליבע גיטרייע זון. הט אן גיהויבן אפיר צו שיינען. דורך די וואלקענס. זא האט מען הערשט אן גיהובן גוט דיא אויגין צו עפענן. אוב דר זעהן נעבען איינע גרוסע גיוואלטיגע קאמעניצע. איין מענגע וועגעלעך. אמניבוסן. דראשקעס שטיין. נעבען דעם אלעם האבן זיך ארום גיפארעט. מענשין, דר מיט א פעקיל, דר מיט א טלומאק. דר ווידער מיט צוויא יונגליך ביא דיא האנד. אוף טייל וועגעלך זענען שאן גיזעסין ביז 10, 12 פערשוין יעדער זעהר פרייליך. טאקי ווי מען וואלט גיפארן

קיין

קיין ירושלים. נעבען דיא וועגעלך. עטוואס אב גיטרעטן
אונגעפעהר עטליכע שריט. איז גשטאנן אגאנץ ארענטליכר
יוד. קופיעצקע געקלייד. אונגעפעהר 45 יאהר אלט.
איינע ברייטע באָרד. א לאנגן ראק ביז צו די פיס אראפ
מען האט איהם קוים דיא פאנטלאהן וועלכע וואָרען איבר
דיא שטיוועל ארוס גיזעהן. נעבען איהם ביא דר זייט איז
גשטאנן זעהר א שעהן יונגעלע אונגעפעהר 12 יאהר אלט.
זא גיקליידעט וויא דר פאטר. אונ האבן בעטראכט דיא
פארברייטונג: אצונר ליבער לעזער. וויל עס איז ערשט
10-נע. און דיא הייליגע רייזע וועט זיך ערשט אנפאנגען
זייגער איינס. האבן מיר נאך צייט עטליכע שעה. וועלן
מיר נאר צו גיין. הערן וואס דר פאטר מיט זיין קינד
רעדן. אונ וויא זייא בעאורטהיילן דיא רייזע. דאס קינד.
פאטר לעבן. וואס איז דס די טעג מעהר וויא אנאנדערט
מאל? עס איז שאן צווייא מאנאט. וויא מיין רבי וואהנט
אויף דיא גאס, אונ איך גייא טעגלך אין חדר אריין
אונ האבע דס קיין מאל נישט גזעהן, נאר יענע וואך פר
סליחות. האב איך דאס אייגענע גזעהן. אונ היינט ווידר.
דר פאטר. פר וואס האסטו מיך דאס נישט גפרעגט יענע
וואך. באלד אויף דר נאכט? דס קינד. ערשטענס האב
איך געברוכט פארטיג צו מאכן דס לייען. וואס דר רבי
האט מיר אויף גגעבן. און ווידר צו פאר פארטיגן דיא
לעקציאהן וואס דר לעהרער האט מיר איבר גלאסט. איז
עס מיר פון דיא גדאנקן אראב. נאר יעצט בעט איך דיך
ליבער פאטר לעבן. מיר עס צו ערקלערן. פאטר, זאלסט
וויסן. דיא יודן וואס דא זיצן אונ וועלן אוועק פאהרן.
זענן חזידים. זייא פאהרן צו אגוטן יוד. צום רבין. קינד.
נאך וום פאהרן זיי? קענמען דען נישט דא אין ווארשויא
אויך גאט לויבן? פאטר. ניין מיין ליב קינד דוא ביסט נאך

צו יונג איך זאל דיר דאס ערקלערן . קינד . אפשר איז דארטן בעסר . וויא אין ווארשויא ? בעסר עססן . בעססר טרינקן . שענערע וואהנונג . שיינע שפאצירונגן . שיינע . . . פאטר . ניין ! ניין ! דאס אלץ נישט . זאלכט וויסען . עס ווערט דארט קיין שום פארגניגן באניצט . וויא פאלסטו אום דאס צו רעדן . אפילו אין ווארשויא האסטו דען נאך וועמען גזעהן גיין שפאצירן אום ראש השנה ? די היליגע טעג זענען נאר גמאכט גיווארן . אין שוהל צו זיצען . אונ גאט צו בעטען . מוזט וויססן זייא פאהרן נישט וועגען פארגניגן . אונ נישט וועגן עססען טרינקען . דען יעדע זאך וואס ער וויל אונ ברויך איז עס אלץ אין דער היים בעקוועמער . ער מיינט נאר ביי דעם רבין צו זיין . נישט אזו וויא דוא אופט מאל גלוסט דיך נישט צו גיין אין חדר אריין . וואס דוא ברוכסט ניט אזו ווייט צו גיין וויא זיי . דיין רבי איז אין ווארשויא . קינד . וואלטן זייא פון זייער רבין אופט מאל זא טראקטירט גווארן . וויא איך פון מיינעם . וואלטן זייא אויך נישט אזו פריילך גפאהרן . א ! טאטעשוא דארט אויף דעם וועגעלע זיצט ר' ד' שוסטר . ער איז אויך א חסיד ? ער פארט אויך מיט ? וואס האט זיך מיט דיר געשפארט וועגן א דין אין עס איז גבליבן וויא דוא האסט גזאגט . ער פארט אויך מיט ? א ! זעה נאר ווידר . אויף יענעם וועגעלע . זיצט ר' מ' שניידער . ער אויך ? און ווידר אויף דעם אמעגבוס . זעהסט דארטן זיצט ר' י' א' . . . דער גרוסער עושר . נעבען עם זיצט ווידער ר' ש' ע' . . . א געמיינער מאן . פאטער . זעהסט מיין קינד . וויא אחדות . וויא איינהייט . ביי זייא איז . זייא שעמען זיך נישט איינער מיט דעם אנדערן . דר למדן . מיט דעם וואס איז נישט קיין למדן . דר רייכער מיט דעם ארמען . זייא ! אלע זענען ביי דעם רבין איין יוד אזו וויא

מיר

מיר אַלע יודן בּייא גאָט ב״ה . קינד . גאַנץ רעכט . יגאַנץ שיין . פאַר וואָס אַז מיר אַלע זענען יא גאָטס קינדר . ווארום ליידן זייא נישט קיין מתנגד . צום ב״ש דיך פּאָטער לעבן . דוא בּיזט מיט אַלע אייגענשאַפטן . קענסט לערנן קענסט שרייבּן . בּיזט אין אַלעס געשיקט . פון דעסט וועגן . דר מינדערסטער חסיד . אפילו ר׳ ט׳ . . וואָס האָט זיך געקרעקט פאַר אַ יאָהר . בּייא דעם קידוש אין סוכּה . אונ געזונגן אַ זמר איין גראז בּייא דעם אַנדערן . פון דעסט וועגן האָט ער געזאָגט אַז דער מינדיסטער חסיד וועט זיין חשוב אוף יענער וועלט וויא דו . וויא שעכט זיך נישט אַזו - אַמענש צו פאַרען צום רבּין . פּאָטער . מיין קינד אַזוינס זאָגט נאָר דער גראָבער יונג וואָס קען טאַקיש נישט לערנען . דער זאָגט אַז אַ מתנגד איז נישט . אָבּר דער איידעלער מענש . דער געשעפטס מענש . וועלכער איז אום גימישט מיט אַלע קלאַסען מענשן . אַזאַ איינער . איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש . דר וועט שוין נישט רעדן . קינד , אַ חידוש פּאָטער דוא בּיסט נישט קיין חסיד ? דיר וואלט דאָס יא געפּאַסט צו זיין . דוא בּיסט דאָך איין למדן . דיר וואלט דאָך יא געקלייד דער הייליגער נאָמען מעהר אַלס יענעם עם הארץ . פּאָטער . מיין האָרץ דוא בּיסט נאָך צו יונג איך זאל דיר עס ערקלערן . קינד . איך פערשטייא עס איז שאָן אפשר צו שפּעט . אָבער איך מעג דאָך דאָס ווערן . פּאָטער . מיין קינד . פריהר קען לערנען . שרייבּען . לעזען . אַנדערע געגענשטענדע . אונ זייא פרום צו גאָט . אונ גוט צו אַלע מענשען . און זאג נישט דאָס דער חסיד טויג נישט . וויא יענער זאָגט אוף דעם מתנגד . אַז דאָס זיין גאַנץ לערנען אונ אַרבּייטען אין יודישקייט איז גאָר נישט . ווען מען איז נישט דאַבּייא אַ חסיד . דער נאָך וויא דיין פערשטאַנד וועט דיך לייטען

אַזוֹ זָאלְסְטוּ טוּהְן. וֶועסְט מֶעגֶען זַיין אַ חסיד נָאר אַנְגַאנְצֶר יוּד. דַאבַּייא נִישְׁט פַּארְנַארְט, נָאךְ צוּ וִויסֶען אַז אַ חסיד אַ מתנגד. אַ דַייטְשׁ. דָאס אַלְץ צוּ זַאמֶען הֵייסְט בַּיי גָאט אֵיין וָוארְט יוּד. צוּ ב"ש דוּ גֵייסְט אִין אַיין חֲסִידִים שְׁטִיבֶּל. זֶעהְסְטוּ וִויא מֶען דַאוֶוענְט זֶעהְר מִיט דֶעם בְּרֶען. זֶעהְר הֵייס מִיט קוּרַאשׁ. זֶעהְר שֶׁעהְן נִיט וָואר? אוֹב וָואהְל צוּ גָאט בְּרוּיךְ מֶען נִישְׁט גֶעוואַלְטֶען צוּ מַאכֶען. עֶר הֶערְט אִין דֶער שְׁטִיל. פוּן דֶערְסְט וֶועגֶען שַׁאר נִישְׁט. עֶס אִיז נוּר קֵייגֶען מֶענְשׁ. דוּרְךְ דֶעם דַאוֶוענְט עֶר גֶערֶענְסְטֶער. מִיט מֶעהְר פַייעֶר. בִּיזְט דוּא ווִידֶר אִין דֶער מִתְנַגְדִישֶׁער שׁוּהְל. דַאוֶוענְט מֶען אוֹיךְ הוֹיךְ, אָבֶּר נִישְׁט זָא בְּרֶענֶעדִיג. גֵייסְט דוּא ווִידֶער צוּ דִיא אַשְׁכְּנַזִים דָארְט אִיז גָאר שְׁטִיל מִיט גְרוֹס דרך ארץ. מֶען הֶערְט נִישְׁט רֶעדֶען. מֶען קְרִיגְט זִיךְ נִישְׁט מֶען פְּלוֹידֶערְט נִישְׁט. וִויא אוֹפְט מָאל עֶס טְרֶעפְט אִין קְלֵיינֶע שְׁטֶעבְּלֶעךְ. פַאר דֶעם דַאוֶוענֶען. נָאךְ דֶעם דַאוֶוענֶען. אַ גֶעפְּלוֹידֶערַייא אַ גֶעשְׁרַייא אוֹפְט מָאל אַקְרִיג. דִיא גְרֶעסְטֶע קַאטַאוֶועסְלֶעךְ. עֶס ווָאלְט אֲפִילוּ אִין קַיין שֶׁענְק אוֹיךְ נִישְׁט גֶעפַּאסְט פַאר אָרֶענְטְלִיכֶע מֶענְשֶׁען. מכש"כ אִין אַיין מקום קדוש. דָארְט אָבֶער אִין דִיא דַייטִישֶׁע שׁוּהְל אִיז רוּהִיג יֶעדֶער אוֹיף זַיין אוֹרְט. יֶעדֶער מִיט גְרוֹיס דרך ארץ. זָאלְסְטוּ וִויסֶען דִיא אַלֶע דְרַייא קְלַאסֶען. זֶענֶען אַלֶע גָאטְס קִינְדֶער. וֶוען? אַז זֵייא דַאוֶוענֶען נָאר. מֶעג אֵיינֶער הוֹיךְ. אֵיינֶער שְׁטִילֶער. אֵיינֶער גָאר בַּאמֶעלֶעךְ. אִיז בַּייא גָאט גְלַייךְ. אַז דָאס הַארְץ אִיז נָאר דֶער בַּייא. דַארוּם וֶוען דוּא וֶועסְט אַמָאל זַיין אַ חסיד. זָאלְסְט דוּא קַיין קְלַאס פוּן דִיא אַלֶע נִישְׁט פֶערְנִיכְטֶען. ווָארוּם אַלֶע מֵיינֶען נָאר גָאט. נָאר יוֹם טוֹב בַּייא דֶעם טִישׁ וֶועל אִיךְ דִיר מֶעהְר עֶרְקְלֶערֶען. דָאס הַארְץ טוּט דִיךְ דִיר גֶעוִויס וֵוייא. קוּם אַרַיין דָא אִין דִיא גָארְקֶעךְ. וֶועל

אִיךְ

איך דיר הייסען געבען עפעס צו דער קוויקען. און גרענק מיינע רייד:

## 3) דיא גארקעך:

אצונד טהיירער לעזער. וואס וועלן מיר דא שטיין אין מיטען גזי׳ . . . לאזן מיר אוך אריין גיין אין טראקטר וויא דער פאטר מיט זיין זאהן זענען גגאנגן, פילייכט וועלן מיר דארט עפעס נייעס הערן. אין דער זעלבע קאמעניצע ווי מיר האבן פריהער גשמוסט. אין ראג איז דא אשענק מיט א גארקעך. דיא ערשטע שטוב, איז איין פראסט גרוס צימער. מיט 8 . 9 טישלעך. געבען די טישען. זיצען פערשידענע מענשען. פוירען. פאיערטס. בייא אנאנדער טישל ווידער. זיצען עטליכע מענשן. עסען טרוקען ברוט. טייל מיט אגלאז ביר. בייא דעם אנדערן ווידר זאלכע מענשן. וועלכע דיא בראנפען שענק האט זייא אביסל אב געשוואכט. זיצען זייא אין דזימיען. דער מארקער איז דעם טאג זא פערנומען. ער האט זייא נישט קיין צייט צו הייסען מוהל זיין. מען מוז זייא ערשט אוף וועקען און ארוס פיהרען. דאס ברוך צייט צו קאסטען. פלוצלונג ווערט ער גאר פערשווינדן מיט א פאר קופל ביר אין האנד. ווידר מיט פלאשען ביר. וויא אהין? ווייסט מען נאך נישט. דאס אלץ איז דיא ביר שענק. אצונד לאסען מיר נאר גיין זוכען דעם פאטער מיט זיין קינד. דא אין בירשענק איז ער נישט דא. און אריין איז ער דאך גגאנגען.

### דיא צווייטע שטוב.

דיזע שטעלט פאר איינע אנדערע סצענע. אוך איינע גרויסע שטוב. דארט שטייט א בופעט אוף גשטעלט. און שיסלען מיט אזוינס וואס האט אמאל געלעבט. צו בייש

גענז

## דיא גארקעך

גענז. אינדיקעס. קאטשקעלעך. פיש. ווידר ברוסט און בראטען. פיפקעס. אונ נאך אנדערע טהיירע פליישען. גלייך פון דעם טהייערן בופעט, זעהט מען דעם קומען. בייא דעם ערשטען קוק. מיינט מען אז דאס איז דער גיהינם. ווייל עס איז דארט א העליש פייער. באלד אבר זעהט מען אז אין דעם פייער ליגען ח״ו נישט קיין מענשן. נאר ארום און ארום שטייען טעפ. וואס דער דרוצערש האט זייא פריהער גוט רעוועדירט. וואס אין דיא טעפ איז זי ווייסט מען נישט. נעבן בופעט שטייט די הויז פרויא. דיא שענקערן אדר גאסטהייזערן. אדר גאר. גארקעכערן אונגעפעהר עטליכע 50 יאהר אלט. זעהר אב געפראצעווט איהר געזיכט ווייזט אוס דיא טרייהייט צו איר מאן און קינדער. ווייל זיא איז שטענדיג אין דער הארעוואניע. פלוצלינג ווערט מען געוואהר דיא סודות פון דיא טעפ. ווייל זיא גיט זיך א דרייא אויס וויא א מאשין מיט אגרוסן גאפעל שיר זא גרוס וויא אווידלע און גיבט גאנץ פלינק א חאפ ארוס פון טאפ א שטיק פלייש. ווידער פון צוויטין. א לעפיל וואמפען. דאס ווערט געלייגט אויף טעלער. פריהר צו שניטען אויף פריטשלעך גאנץ דין. עס זאל מכסה זיין דעם טעלער. אונ צו דעקען דעם גאסט דיא אויגן. באלד חאפט א פלייש שקלעפאווע אין א האנד אריין אטעלער מיט טאפ געבראטענס. אין אנדערן האנד א טעלער מיט ווערמפלעך. אין דער זייט א טעלער חריין. אונ וויל איהר געשיקטיקייט ווייזען. און הייבט אן מארש אין דריטען צימער צו דיא געסט צו מאבען. קומט איהר פלוצלינג דער מארקער אקייגען. מיט ליידיגע קופלעס. און בוטלעס. דיא ביידע טרעפען זיך גאנץ פערקאכט. וויא צווייא לאקאמאטיפען קאלעס. שלאגען זיך אן איינער אן דיא אנדערע. וואהרשיינדלעך ווערט זייא ביידע לייכטער אין

דיא

דיא הענד . א א שארען גשעהן . ! אוך אין דעם זעלבע צימער , דרייט זיך ארום דער הויז הערר . אדער דער בעל הבית . אוך העבער ווייא 50 יאהר . אין א האלב ניידענעם שלאפראק געקלייד . אסאמעטען היטעלע . רויטע בעקעלך . ווען נישט דאס גראו גראע בערדעלע . וואלט מען געמיינט ער האט ערשט געבטען חתונה געהאט . גייט ארום וויא דר מחכד אין זיין גן עדן . אוך געבען דעם בופעט שטייען אן דיא זייט עטליבע גמיינע לייט און ווישען אום מיט שטיקלעך ברוט . דיא טעלערלעך וואס מען ברענגט אריין צוריק פון דיא געבט . גאר צווישען דיא אלע געפינען מיר נישט דעם פאטער מיט זיין קינד . וויא זענען זיי ? קום וויטער ליבר לעזער . עס איז נאך דא שטובען :

דאס דריטע צימער .

דארט זיצען שוין פערשידענע געסט . ארום ביא דעם טיש . יעדער ביא אנאנדערע פאטראווע . דער ביא א טעלער זופ . יענער ביא מאפגעברוטענס . דר דריטר ביא פיש . דער פערדער . גאר ברוקט און בראטן . דיא אלע זענען אלין פון דיא וואס רעכטן זיך זייגער איינס אב צו רייזען . איטליכער פאר טיפט איבער זיין גרעבץ . טייל , האבען שוין אב געגעסען . און זיצען פאר טראכט וואס ? ווייסט מען נישט . באלד קומען אריין היטל מאכערס קאפעל מאכערס . פאקען טרעגערס . ווידער גייערס מיט קעסטלעך . יעדער ווייזט זיין סחורה . א היטעל מאכער . דער לאנגט א געוויסן חסיד . א היטעלע . און גיבט עס אוך באלד אקליין שפיגעלע . ער זאל זעהן . וויא עס פאסט עס נישט . פר וואס ? וויל דיזער האט איין ברייטע בארד , מיט לאנגע פאות . און ער דר לאנגט עס א שמאל מאדיש היטעל . וואס עס פאסט פאר אזאלך . דער דער לאנגט

# דיא גארקעך

ווידער יָענעם אַ לוח פון נייעם יָאהר. דער קויפער פרעגט מיט געלעכטער דעם יונגען פאַקען טרעגער. אין וועלכען טאג פון דער וואך. עס געפאלט שבת חנוכה. שבת חזון. שבת נחמו. שבת שירה. שבת תשובה. דר יונגר פאַקען טרעגער בלייבט שטיין. און זאגט ער האט זיך נאך נישט צייט גענומען דאס נאך צו זוכען. נאר צו ווישען דיא אַללע געסט. זעהן מיר נישט דעם פאטר מיט דעם קינד. לינקס ווידר וויא מיר זענען דא אַריין געקומען. איז דא אַ 4 טע סאַלע. שוין צימלעך אוס געמאלט. מיט גאו בעלייכטונג. וועלכע עס פעלט אין דיא פאריגע צימערן אוך נישט. דאַרט זיצן שוין ווידער רייכערע געסט. וואַרן דער וואס איז נישט אַזוי שיין געקליידט. מיינט ער אַז ער טאר נישט אַריין גיין. דאַרטען זיצען שוין אַב גענעסענע מענשען. צו שפרייט אוף זייער שטולען. ציגארן. פאפיראסען. אין דיא מיילער. פאר איטליכען באזונדר. שטייט איין אַנדערער סחורה. מיט איין סחורה. און ווייזט עס. יענער האט אָבער נישט אין זינען. דעם אָרמען עפעס צו געבן צו פארדינען. נאר זיצט צו שפייען. דעם קאפ אַריבער געוואָרפן. דיא אויגען צום הימעל געבויגען. גאַנץ פאַר טראַכט. וואס טראַכט ער? ווייסט מען נישט. אפשר טראַכט ער הימל זאָגן; אפשר ווייא ער לעבט ער שאָן אַהין צו קומען. אפשר וויא ער רעטען אַפ שניידען ביי דעם יום הדין. אַ כלל מען ווייסט נישט. נאר מיט דעם אֱמת בעטראַכט ער גאר דעם רוך פון דעם ציגארע וועלכע גייט וויא דיא נאטור טראָגט עס. און דעם זיין געניגען האט איז דער פאטר מיט דעם קינד אויך נישט דא. וויא האבן זיי געקענט אַהין קומען? קומט נאך טריינקען געלט? דאַ מוז נאך זיין אַ שטוב:

(4[דער מתנגדישער שטוער און דער חסידישער איידעם] אין דעם דריטן צימער וויא מיר זענען שוין געוועזען איז

דא רעכטס נאך איין שטיבל. מיט עטליכע טישלעך. אויך
פאר געסט וועגן. נעבען איין טיש זענען גזעסן עטליכע יונגע
לייט. נעבען צווייטען טיש. ארום צו ציהער. זענען גזעסן
2 ערענטליכע חסידישע בעלי בתים. אויך רייזע פערטיג.
נעבען זייא ביי דעם זעלבען טישל. איז געזעסן איין פריש
יונג חסידל. פון דיא נאדל אראב. די גוטע קעסט שיינט
אים אום דעם פנים ארום. קעגען איבער דעם טישל רעכטס.
נעבען איין טישל זענען געזעסן אונזער 2 בעקענטע וועלבע
מיר זוכען. דער טאטע מיט זיין זינדרעלע. אויך שוין אב-
געגעסין. נאר צווייא קופלקעלעך ביר. זענען פאר זייא נאך
געשטאנען. דער יונגער כאן זאגט צו דעם 70 יאהריגען חסיד.
הערסטו האב איך מיינעם באצאלט וויא א טאטע. אלטער.
מיט וואס ? יונגער. דער מתנגד דער שווער מיינער. גיט
זיך א שמוס ער וועט מיר נישט געבען אויף דער הוצאה·
איך זאל אין דער היים בלייבען. אלטער, מיין קינד. האסטו
עס געבריוכט צו פאלגען. ער איז דאך דיין שווער. און איז
א למדן אויך. דם ערשטע יאהר האסט דוא נישט געבריוכט
צו פארן. נור זאג מיר מיין קינד. דיין ווייב הט יוא איין
געוויליגט ? יונגער. הערסטו שוטה טיפיש. זיא האט מיט
דעם פאטער צו זאמען דעם קאפ געלייגט איך זאל אין דער
היים בלייבען. אלטער. האסט אומרעכט. יונגער, ביזט איין
נבלהטשיק עס טוט מיר נאך באנק וואס איך האב מיט זייא
ביידע נישט בפרות אבגעשלאגען. וואלט איך שאן געקענט
דארט איבער יום כיפור בלייבען. אלטער. פאר וואס ביסטו
אויף דיין שווער זא אויפגעטראגען ? יונגער. ווייסט. מיין
שווער הט שבת ביים טיש געשאלטען דעם.... אלטער.
וויא הייסט דיין שווער ? יונגער. ער הייסט ר' פ'. ל'.
אלטער. גיין מיין קינד פ"ל... ער וועט נישט שעלטען
קיין גוטען יוד. ווארען חאטשי ער איז קיין חסיד. פון

דעסט

## דער שווער מיט דעם איידעם

דעסט וועגען . אין וועלכער שטאט ער איז . וויא זיין געשעפט איז דארט . און עס טרעפט זיך א רבי גייט ער ארײַן און לאזט זיך קאסטען . אויך ער האט אלע גוטע יורען ליב . דס איז גאר אויס געטראכט . זאג מיר נאר מיין קינד האסטו דיך געזעגענט מיט דיין ווייב . און מיט דיין שווער ? יונגער . חא ! חא ! חא ! אז אן געזעגינט איז נישט רעכט ? אלטער . וויא האסטו דאך געגומען אויף דיא הוצאה ? יונגער . א זארג ! שלעכט ! איך האב מיר איין עצה געגעבן . מיין ווייגערעל . און איהר קייטעל . וועט אלץ פאר ענטווערן , נישט קשה . אלטער . וויא וואוינט דיין שווער ? יונגער ער וואוינט אויף דיא קר' . . . גאס . אלטער . א פראשפארט האסטו ? יונגער . ער איז נאך אין דעם ראטהויז . איך נעם מיר באלד אוועגעלע צייט א פערטיל שעה . האב איך עס . איך וועל נאר זאגען מיין נאמען . א' . ג' . פליהמאן . קריג איך אים אויף דער מענוט . אינזער קופיעץ האט דאס אלץ אויס געהערט . ער נעמט ארוס א שטיקל פאפיר און שרייבט עטלעכע ווערטער יודיש . ווידער אויף איין אנדער שטיקעל . עטליכע פוילישע ווערטער . און הייסט זיין קינד ארײַן רופען איין משרתל . און זאג בעקאמסט אגולדן . און טראג דאס אוועק יעדעס נאך זיין אדרעס . וואס ער האט געשריבען און וויא ער האט עס געשיקט ווייסט מען נישט , גענוג ווס זייא האבען דארטען ווייטער געגעבען ברוכען מיר דא נישט אויס צו שרייבען . נאר אונגעפעהר אין אהאלבע שעה ארום . איז גיקומען צו לויפן נאך איונג קונדראסל . זעהר פאר-סאפעטער הייט . אנגעסטן האבען זיך אויף אים געגאסען . און זאגט צו אונזער יונג בעל בעתל . ברודער דוא ביסט פאר ביא ! וואס איז ? פרעגט דער דערשראקענער יונגער מאן . וואס ? עס איז א קלאג צו דיינע יאהר ! ביזט גוט איבער געפירט ! אבער זאג שוין כיט וואס ! מיט וואס ? מען הט דיר

ארעשטירט דעם פראשפארט . פון וואנעט ווייסטו ? פרעגט דער ערשטער . פון וואנעט איך ווייס ? הערסטו איך בין נגאנגען מיין פאס ארוס נעמען . האב איך דיינעם אוך גוואלט ארוס נעמען . הט מען מיר גיזאגט דאס א געוויסער פארדייטשיק ער האט עס אן גרופן הער מ׳ י׳ ... רעכטסמאן האט דיר דיין פראשפארט ארעשטירט . דר יונגער מאן הייבט אן צו שרייען צו פארפירען . ער וויל לויפען , דער ווייל קומען צו זאמען אלע חסידים פון דיא איבעריגע שטובן . ער פארצייכט דיא זיין אומגליק . נוא איך גייא איך גייא ! איך מוז מיין פראשפארט האבען . אין דעם קומט אריין דער שווער זיינער . און גיבט אנשרייא שייגעץ ביזט דא ! דיין קיטל הא ! דראב דיין קיטל ! פר מיין גוטין . הא ? שייגעץ ! אצונד ווייסן מיר שוין ווער דער ספראווצע פון דעם ארעשט און פון דער נאכריכט צו געבען דעם שווער איז געוועזען . דאס איז דאך פון אונזער אונבעקאנטען . וועלכען מיר ווייסן שאן זיין נאמען אוך . הערר מ׳ י׳ רעכטסמאן א פאדרייטשיק . נוא א שיינער מסור אום ר״ח אלול אפאר טאג פאר ר״ה . הא ! דאכט זיך נין . פונקט פאר קערט . אין דעם קומט אוך אריין צו גיין א געווסער מיטל מעסיגער מאן גאנץ איינפאך געקליידט . דאס איז פונקט געוועזען דעם יונגען מאנס א פאטער וועלכער קאמט ערשט פון א געשעפט צו פארן און זעהט דא איבער זיין זון אגאנץ רעדעל ארום שטיין . ער טלאטשעט זיך אריין אין מיטן . און הייבט אן צו פרעגן וואס דאס איז האט מען אים אן גהויבן צו דער ציילן דא האט שוין דער זון גהאט צווייא פעטש פון ביידע זייטן ער איז אויס גקומען אין דער מיט . ער וויל עם אבער ווייטער שלאגן זא שטעלט זיך אונזער הערר רעכטסמאן אוף . און זאגט צו דעם פאטער ר׳ ג׳ .... לאסט אב מיט שלאגען . דאס שלאגן פאר גייט איך וועל אים מיט ווערטער שטראפן וואָרן אוואָרט בעשטייט .

# דעם שווער מיט דעם איידעם

וויא דער ר' ג' .... האט דער זעהן דעם פאדרייטשיק האט ער זיך מיט גרוס דרך ארץ גלייך געשטעלט פאר אים אונ אים באלד פון טאש א פאר בריף אב געגעבן (דען דיזער פאטער איז געווען איין מענש פון זיינע שרייבערס) דער הערר רעכטמאן האט אים שלום געגעבן שטיל אפאר ווערטער מיט אים גערעט. דער נאך זאגט דר פאדרייטשיק צו דיא אלע ארום שטייענדיגע ליבע ברידער איך זעה אן אייך אז עטליך וענד אלע מיט פאר שטאנד. מיט יושר. איבר הופט דיזער אלטער יוד וואס דא זיצט. ער האט איהם אויך געשטראפט. אונ האט צו אים געזאגט. איך וועל עם נאר עפעס פרעגן נאר ער זאל מיר ענטפערן. וואס ? רופט זיך איין חסיד אן. פון דער קאמפאניע. ער קריגט פעטש. אז ער וועט ניט רעדן, איין צווייטער ווידער. איך זאג איהם ארויס פון שטיבעל וויא א הונט. וואס ! הא ! שרייט דער דריטער איך . . . דער הערר רעכטמאן זאגט שא שא זייט רוהיג ברידר. עם ווערט שטיל (דר ליווערעאנד זאגט) ערשטנס מוז איך דיר זאגן מיין קינד את חטאי אני מזכיר, איך באקען דיר מיינע זינד. דא זיצנדיג האב איך דיר דיין פאשפארט פאר ארעשטירט. אונ דיין שווער אהער געבראנגט. נאר זאג מיר. נאך וואס פארסטו צום רבין. יונגער מאן. איך פאר הא ! וואס ! יא איך פאהר ... איך ... הערר רעכטמאן. שעהם דיך נישט שרעק נישט זאג ! זאג. (ער שווייגט) ווען דוא שווייגסט רופט זיך ווידער אן הערר רעכטמאן. וועל איך דיינע רייד ענטוועקן. ווילסט זיין בייא א גוטען יוד דיא היילגע טעג. יונגער מאן. אוי ! יא ! יא ! זאג זיע מיר זאגט ווייטער דער הערר רעכטמאן. וויא האלסטו דיין רבין. צו נעמסטו איהם אן פאר א נביא אדער איין מלאך אדער פאר דעם גרויסען צדיק ? (ער שווייגט) נוא מוז איך דיר זאגען. האלסטו איהם פאר א נביא וועט ער דאך אליין וויסן אז דוא ביסט אוועק

פון

פון שווער אונ שוויגער אונ פון דיין ווייב ברוגז. אונ האסט
נאך איהר צירונג מיט גנומען איבער צו פיהרן, וועט ער דיך
געווים הייסן ארוס יאגן וויא דעם ערשטן באנדיט. האלסטו
אבער עס נאר פר דעם גרויסן צדיק. נוא פרעג איך דיך מיין
קינד. וויא שעמסטו דיך נישט פאר דיינע אייגענע געוויסען
דיא האנד אוס צו שטרעקן אים שלום צו געבן ; עס שטייט
לפני ד׳ תטהרו. איידער מען קומט פאר גאט מוז מען פריהער
מיט אלע מענשן שלום האבען. און מכש״כ מיט דעם ווייב
און שווער אונ שוויגער. נוא זאג מיר אוף דעם א תירוץ.
דער יונגער מאן שטייט מיט דיא צונג ארויס פונקט וויא
דער שאינו יודע לשאול גלייב מיר מיין קינד איך בין שאן
אך געוועזן ביא אייער רבין כמה מאל און ער קען מיך
גוט. איך האב מיט איהם פיל מעהר גערעד וויא דוא.
נוא קען איך שוין נישט זיין א מתנגד קעגען א גוטען יוד.
הא. וויא זאגסטו גלייבסט מיר נאך נישט (צו דעם אלטען
חסיד) נוא מיין ליבער יוד עס איז דאך פאר דיא הייליגע
טעג. וועל איך דאך געווים קיין ליגענד זאגען. איך בין
מיט געטליכע הילפע א גאנץ יאהר אויך בעהיט דערפון.
אז איר ווילט אייך איבער צייגן. זאלט איר דעם רבין גריסען
פון מיינעט וועגן. איך וועל אייך אוך א בריף מיט געבן. אין
בריף וועט ליגען דאס אייגענע וואס ליגט אלע יאהר. איר
זאלט נאר מוחל זיין זאגען. ר׳ מ׳ י׳ ליוועראנד האט עס
גלאזט גריסן אונ בעט מיך אין זינען צו האבן. מיינסטו מיין
קינד מען מוז דווקא זיין א חסיד א צדיק ליב צו האבן ? דר
צו ברויך מען קיין חסיד זיין. איב עס געפינט זיך אונטער
מתנגדים וועלכע רעדין אוף א גוטן יוד איז נאר דורך זאלכע
מענשן וויא דוא ביסט. דער מתנגד האט ליב אלע גוטע
יודען ; עס איז ביא אים קיין חילוק. דער אדער יענער.
און איהר זאגט נאר יעדער פון זיין כיתה און נאר זיין רבי איז

גוט. נאר ער איז א הימל מענש. אונ דר רבי פון דר צווייטער כיתה איז א גאר נישט. נוא ברוך דען אזו צו זיין? האט מען דאס לייַדער נישט צו געזעהען און געהערט וויא איין כיתה האט דעם רעבן פון דער אנדערע כיתה געשאלטען, און שטיינער געווארפען. הער אוס מיין קינד אונ איהר אלע ליבע ברידער. מיר מוזען אן נעמען אלע גוטע יודען און אלע צדיקים מעג זיין חסידישע מתנגדישע אלע זענען ביא גאט חשוב. אלזא זאג איך דיר מיין קינד. אונ נאך דייגע הונדערטער. איר זאלט דאס חסידות אוף אנאנדערע ארט אן נעמען. אונ נישט צו זאגען נאר איך אונ מיין רבי. מיר האלטען דיא מלאכים ביי דיא פיס. דיא אנדערע רבים מיט זייערע כיתות זענען גאר נישט. און ווער שמוסט נאך פון מתנגדים זיי האבן זיך בוודאי נישט צו רעכטען אוף עולם הבא. מיילע דאס יאהר וועסטו שאן נישט פאהרען נאר אופים יאהר אי"ה. אז דוא וועסט בעסער ווערן וועל איך דיר דיין פראשפארט בעפרייען. נוא דאס זאג איך דיר צו. איך וועל ברויכען דעם ווינטער דארט צו זיין וועל איך שאן וויסען זאלכע יונגע לייט ביים רבין פאר צו שטעלען. ער וועט מיך פאלגען געכער וויא איהר פאלגט איהם. (צו אלע חסידים). נוא קינדערלך האב איך אומרעכט ח"ו (אללע שרייען) גאנץ רעכט! גאנץ רעכט! א מוסר פאר אונז אויך. נוא איצונד ליבע ברידער איז שוין שפעט. (ער נעמט דאס זייגערל ארוים) עס איז שוין נאך 12. איהר וועט מוזען אבבייזען לאז מען אריין ברענגען אקו"ש פארטער אונ טרינקט אללע פון רבי'ס געזונדרס וועגען, און האט מיך אויך אין זינען (עס ווערט אריין געברענגט פארטער. אלע זעצען זיך אנידער מען טרינקט לחיים אלע געבען דער ליוועראנד דיא הענד איטליכער בעזונדער. ער דריקט יעדען מיט גוטע ווערטער זיין האנד און ענטווערט לחיים טובים ולשלום און דער יונגער מאן טרינקט אויך נאר דיא טרערען גיסען זיך

איהם אין גלאז אריין, דר ליווראנד טרייכט איהם שאד נישט
מיין קינד זא באלד דוא וועסט דיך בעסערן וועל איך דיר
אויפס יאהר מיין זאהן אויך מיט שיקן (צום קינד) יודקע לעבן
וועסטו ווערן אחסיד ! וועסטו פאהרען קיין... צום רבין, פאטר
לעבן ! ענטווערט יודקעלע. וועסטו מיר פריהר מוזען דערלויבן
אז קיין אלטען יוד (ער ווייזט אויף דם אלטן חסיד) נישט צו
זאגן איר ! נאר איך זאל דוא אים מעגן זאגן, זא וועל
איך מיט פאהרען. אללע הייבן אן איבר דאנק צו לאכן (אונזער
הער רעכטמאן שרייבט אבריף ליינט אריין עטליכע פאפירלעך
פערזיגעלט, גיבט עס דם אלטן אין האנד אריין, נאך דם ווי ער
הט אדרעסירט) דא הט איהר מיין ליבר יוד דם בריף זאלט איהר
מוחל זיין דם רבין אב געבן אין האנד אריין. אונ ווינשט איהם
פון מיינעט וועגן אכתיבה וחתימה טובה. מען בערעכענט דר
גארקעכער קומט אריין עם ווערט בצאלט. אלע נעמען זיך זייערע
פעקלעך גייען ארוים. דר יונגר מאן גייט נאך פון אינטן ווי המן
ווען מען הט אים אבגעגאסן, אויף דר גאס זענן שוין אלע גועכן
אויף די וועגלעך, ווי עס איז געקומען זייגר איינס האט איין
פאטשטלאן וועלכע איז געזעסן אויף אין אמנבאס, געשפאנט
מיט צוויי פאר פערד נאשפיץ, אן גהויבן צו טראמייטערן.
מען האט אן גהויבן די הענד פון די וועגלעך די ארומשטייענדע
ארוים צו געבן זיך גזעגנט, דר גזי'.... הט גציטערט פון
דם געשריי. זייטץ געזונד! זייטץ געזונד! אכתיבה וחתימה טובה!
דיאבייטשן הייבן אן צו קנאקען דיא פערדלעך צו גיין, זענן
דאך די וועגלעך בוודאי נישט געבליבן שטיין. נוא דר . . . איז
געבליבן ליידיג, די גארקעכ פוסטע, נוא לאזן זיי דארט האבן
אכתיבה טובה, און מיר דא, אויף דעם גזי . . . . נעבן דער
טראקטער איז מעהר נישט געבליבן שטין ווי אונזער הער
רעכטמאן מיט זיין זוהן, דר יונגר מאן מיט זיין שווער אונד
פאטר, זיי האבן זיך אויך געזעגנט איינער מיט דעם אנדערן, דר

# דער שווער מיט דעם איידעם

יונגער מאן מיט דעם שווער זענן אהיים געגאנגען, נאך דעם וויא זייא האבן זיך מיט דם ליוורא‍נד גזעגנד, אונד העד רעכטמאן מיט זיין זאהן מיט דם יונגן מאנס פאטר זיין שרייבר זענן אויך זייער וועגס געגאנגען, דאך איז ווארשויא נישט געבליבן אן חסידישע קידוש מאכערס. עס זענן איבער געבליבן אפאר מלמדים וועלכע מען הט זיך אויך גרעכט זיי וועלן מיט פאהרן אונ זענן דאך אין דרהיים געבליבן. פאר וואס זיי זענן נישט גפארן ווייסט מען נישט. עס קען זיין זיי האבן נישט געהאט אויף דער הוצאה, וויל אונזערע בעלי בתים פערזארגן זיך פריער אונ דער נאך דם מלמד, עס קען זיין זייערע רביאים וואהנן וייט וועלן זיי נישט קענן צוריק קומן אויף יום כפור, עס קען זיין עס איז זיי אשאד אב צו לאזן די קינדער פון לערנען, אונ אפשר קען גאר זיין ער וויל בעסר אויף סוכות אהיים פאהרן צו וייב אונ קינד. וועט ער די הייליגע רייזע אב לייגן אויף חנוכה וואך, נאר זיין קען ער הט מורא מען זאל אים דרווייל די תלמידים ניט אוסשפאנן, ער גלייבט נישט אז אין דם זכות פון פארן וועט ער אגוט קנעלעבן האבן, גנוג דעם רעכטן אמת ווייסט מען נישט:

**5) די נגמדימם פערגניגן אום שבת און יום טוב:**

גיטער לעזר! דם ווייסט איטליכער, ווען יודן זענן נאך געווען אין מצרים הט שוין אונזר געטרייער משה רבינו גבעטן איין רוהע טאג פר יודנס וועגן בי דם מלך פון מצרים, אונ הט פונקט גטראפן אום זיבטן טאג וועלכן גאט ב"ה הט שוין בעשטימט נאך איידר די וועלט איז בעשאפן געווארן, דם איז דר הייליגער טאג שבת, אויף דם טאג הייבט מען אן צו האפן באלד אום זונטיג, פון גרעסטן קויפמאן ביז דם מינדרסטן בעל מלאכה האפן אלץ אויף דם שבת, דם איז אטאג וואס איטליכער יוד בערעכענט זיך מיט זיין בעשעפר, דם איז אטאג וואס איטליכער טוט אטובה זיין נשמה מיט זיין גוף, דם טאג פרייד זיך דר

פעריאגטער מענש מיט זיין ווייב און קינד, דאס טאג רוהט זיך
אב דער שווערער ארבייטארער זיינע צובראכענע ביינער, גענוג
יעדער הט זיין פערגניגן אום שבת, ווער איז אבער דערפון אויס
גשלאסן? אונזערע מלמדים. זיי איז אגאנצע וואך ביטער און שבת
זויער. פון דעם דרדיקי מלמד האבן מיר נישט צו שמיסן פיל, ער
הט נאך נישט איבער זיך אום שבת זאלכע נוגשים, ווען עס
טרעפט פארווירפעס איז נאר איבער דעם שלעכטן אויפפיהרונג
פון קינד, דאס קינד שטיפט, דאס קינד ווערט ברוגז מיטן עסן,
דאס קינד הט צובראכן א טעלער. אלץ דער מלמד שולדיג. אבער
דעם גמרא מלמד איז נעבך גאר ביטער, מייל די גאנצע וואך
ווערט ער פערשווארצט, ארבעט פון זייגער 7 פריא ביז 9 ביי
נאכט, קוים, קוים, ער רוהט זיך אב איין שעה מיטאגס, עס הט
טאקיש גפרעגט אקלוגער בעל הבית דעם מלמד, מיין
ליבער רבי, אז איהר ארבעט מיט די תלמידים פון דער פריא ביז
נאכט, ווען האבן זיי צייט צו קענן? קומט דער שבת פרייטיג צו
נאכטס זיצט שוין דער מלמד אין קאפ, וואס איז ער וועט מארגן
גיין פערהערן, נוא פערהערן וואלט נאך נישט געשאד, דער בעל
בית וועט אבער הערן נישט פרהירן, און ווער ווייסט ווי ער וועט
מאכן, דער מלמד הט שוין יא אב געארבעט 2 וואכן אשיעור, וואס
קומט ארויס דער תלמיד הט קוים איין מאל דעם קאפ צו געלייגט
וואס זאל נעבך דער מלמד טוהן, שלאגן טאר מען נישט, דאס קינד
איז בעגלייבט, ביז אהער איז דאס קינד געווען ביים רבין אין
האנד, היינט איז אבער פערקערט, וואס דאס קינד זאגט דאס נעמן
די עלטערן צו, איבערהויפט די מוטער, זיי פערדארבן גאר די
קינדער, וויפיל ווייבער זענן דא וועלכע שעלטן די מלמדים פר
אלאדי, זאך דעם קינד אין די אויגן? ווי קען שוין דאס קינד דערך ארץ
האבן פר דעם רבין? אדער דעם יודישן לעהרער, ביי טהייל ווערן די
מלמדים בעהאנדעלט מיט די לעהרער ווי די געמיינסטע הויז
יונגען, זיי בערעכענן גאר נישט וואס פיר אטאלענטן דיזע געבן

אין

## . די מלמדים פערגניגן אום שבת ויו"ט

אין זייערע קינדער אריין, אבער דם געלד ווי זעהט אויס ווען ער גיבט דם מלמד ? אדר לעהרער ? ווי געשענקט, האסטו עטוואס צום מלמה, פערלאנגסט עפעס, זאג עם, שמיסט דיך מיט איהם אויס זאג עהם אזוי וויל איך, פערצייעלט דיר עפעס דיין קינד, פויל דיך נישט פרעג איבר דם מלמד. ווערסטו געוואהר ווערן אז עס איז ליגענד, ער קען נישט מעהר זאגן דם דר יונגל וואשט זיך נישט בענטשט נישט, אויף דם ביזטו אפאטר. גיב זעלבסט אבאכט, שטייט דען נישט (ולמדתם את בניכם) איהר זאלט אייערע קינדער לערנען. פערלאזט אייך נישט אויף דם מלמד. נון מיין גוטער לעזער איך האב דיך בעמיהט מיט אנדערע ווערטער עס איז אבער איבער געצייגטע ווערטער, און וואהר. אי ! דוא ווערסט פרעגן עס איז אבער דא דיזע קלאסן פון וועלכע די בעלי בתים זענן אויך נישט צו פרידן און ברויכן נישט צו פרידן צו זיין, זייא זענן טאקיש שווינדלערס, נון איבערצייג דיך ווער דר שווינדלער איז אויב דר מלמד אדער לעהרער אדר דיין אייגן קינד. גענוג געשמועסט פון דם, מיר ווערדן גיין צו דם בין הזמנים וועלכעס קומט אויס פונקט בין רגל לרגל צווישן יום טוב:

## 6) דער בין הזמנים:

מיט עטליכע יאהר צוריק הט זיך די בראנקע פון תלמידים אן געהויבן באלד ר"ח אלול, דא הט שוין דר מלמד נישט געהאט דם קאפ צו לערנען, נאר היינט האבן זיך אונזערע ב"ב מיישב געוועזן, אונ געבן נישט קיין ווארט ביז חול המועד, דם איז אפילו גאנץ גלייך, האבן האטשי די מלמדים דם קאפ אגאנצן חודש צום לערנען, ווען הייבט זיך אן דר בין הזמנים ? דם ערשטן טאג פסח און דם ערשטן טאג סוכות, דויערט ביז אפאר טאג אין חודש אריין, דא דערזעהען הערשט די מלמדים אז ער איז שוין זיכער דם גאנצן זמן קיין פרנסה נישט צו האבן, ווארום ווייל איינער הט אויס גערעדט צו האבן 10 אונ הט פונקט קוים 15 איינער

הט

הָט אוים גְרֶעדער מֶעג הָאבֶּן 8 אונ הָט קוים 5 תַּלְמִידִים, אֵיינֶער גִיט פוּן זַיין קִינְד 12 רֶענְדְלֶעךְ, רֶעד עֶר אוים עֶס זָאל מֶעהְר נִישְׁט זַיין נָאר 4 קִינְדֶר קֶעגְן דִי אַרְבָּעָה בָּנִים פוּן דֶר הַגָּדָה קְרִיגְט דֶר מְלַמֵּד אָן זָאלְכֶע קִינְדֶר וְוִי דֶר עֶרְשְׁטֶער פוּן דִי אַרְבָּעָה בָּנִים אִיזְט, אִיז גַאנְץ גוּט, וֶוען עֶר קְרִיגְט אָבֶּר אָן פוּן דִי לֶעצְטֶע צְוֵוייא בָּנִים דָם הֵייסְט אַתְּ פְּתַח לוֹ מִיט אַיין אֵינוֹ יוֹדֵעַ לִשְׁאוֹל. דָא אִיז שׁוֹין אוֹיף דֶם מְלַמֵּד צָרוֹת; גֶעוואֹנְג דֶר מְלַמֵּד וֶועלְכֶער זָאל הָאבֶּן 4 פוּן דֶם עֶרְשְׁטֶן פוּן דִי אַרְבָּעָה בָּנִים, אִיז נָאךְ קֵיין וַוארְשׁוִיא נִישְׁט גֶעקוּמֶען עֶר קֶענֶעלְט נָאךְ נִישְׁט. אוּנ אֶפְשַׁר אִיז עֶר נָאךְ נִישְׁט גֶעבּוֹירֶען גֶוָוארֶען, אִיךְ ווייס נִישְׁט אוֹיבּ עֶס אִיז גָאר דָא אַנְשָׁמָה פַּאר זַיינֶעט וֶועגְן, אוֹיךְ אִיז פֶערְהַאנְדֶען בַּעֲלֵי בָּתִּים וֶועלְכֶע גְלַייכֶן זִיךְ נִישְׁט אוים בַּיי דֶם פֶערְהֶערֶען מִיט זֵיירֶע מְלַמְּדִים, צוּם בַּיי שְׁפִּיל דֶר בַּעַל בַּיִת אִיז אַחָסִיד אוּן דֶר מְלַמֵּד אַמִתְנַגֵד, אָדֶר פֶערְקֶערְט, דֶר חֲסִידִישֶׁער ב״ב ווִיל אַז דֶר מְלַמֵּד זָאל קוּמֶן פַּאר דֶם דַאוֶונֶען, וַוייל עֶר גֵייט עֶרְשְׁט זֵייגֶר 11 אִין שְׁטִיבֶּל אַרַיין, אוּנ נָאךְ מִיטָאג אִיז קֵיין צַייט נִישְׁט, פֶערְהֶערְט זִיךְ דֶר יוּנְגֶל אָן מְלַמֵּד, זָא בַּאלְד עֶס פֶעהְלְט נָאר אַיין בָּאם וָוָאס דֶר מְלַמֵּד בְּרוֹיךְ נָאר אוּנְטֶער צוּ זָאגְן, בְּלַייבְּט עֶר שׁוֹין שְׁטֵיין וִויא לוֹטְס ווַייבּ, גֶעוואֹנְג אַגאַנְצֶען זְמַן הָט נָאר דֶר מְלַמֵּד צְוֵויי רוּהִיגֶע יָמִים טוֹבִים, שִׁבְעָה עָשָׂר בְּתַמּוּז אוּן תִּשְׁעָה בְּאָב:

אוֹיף דֶר רזל׳... גַאס וַוייט אַרָאפּ שְׁטֵייט דָארְט אַיין הִילְצֶערֶן הַייזֶל עֶס אִיז שׁוֹין אַיינְגֶעבּוֹיגְן, דָם הַייזֶל פֶערְצֵיילֶן הַיינְטִיגֶע אַלְטֶע לַייט אַז זֵייעֶרֶע זֵיידֶעס הָאבֶּן עֶס נָאךְ גֶעדֶענְקְט, מֶען הָט עֶס בְּוַודַּאי גֶעמוּזְט בּוֹיעֶן מִיט בְּלוֹיז וַוייסְלֶעכְץ פוּן אֵייעֶר, וָוָאס עֶס אִיז נָאךְ אַזוֹי דוֹירְהַאפְטִיג עֶס פַאלְט נִישְׁט אַיין, דֶעמָאלְט הָט עֶס אָן גִיהֶערְט אַיין אַלְטֶען אָבְּגֶעקוּמֶענֶעם הַארֶענְדַאר, הַיינְט הָט עֶס זַיינֶם אַיין אוּר אוּר אֵיינִיקֶעל מִיט יְרוּשָּׁה אָבּ גֶענוּמֶן, אוּן הָט שׁוֹין חֲתוּנָה גֶעמַאכְט 4 טֶעכְטֶר, אוּן מִיט דֶר חִיפֶּעטִיק גֶעסִילִיקְט, מֵיינְט עֶטְץ בֶּעצָאהְלְט 7 זַיין, עֶר הָט גָאר אָבֶּעזוּנְדֶר גְלִיק, וֶוען נִישְׁט

# דער בין הזמנים

דס גליק וואלט ער שוין לאנג אויס אביוואטעל געוועזן; נאר
זיין גליק איז ווס די איידעמעס שטארבן איהם באלד בייא דיא
קעסט, בלייבט דר נדן ביי איהם צוריק, נאר פר פראצענט גיט
ער די אלכנות מיט די יתומים צו עסן, אחוץ די אלע שטובן
ווס דארט געפינן זיך איז אויך דארט דא אין ראג, איין גרויסע
שטוב, אין יענע צייטן ווען דר פראנצויז איז היא געוועזן, איז עס
געוועזן אטאנץ סאלע פר פוירן און פאיערטעס, היינט איז עס
פערדונגן פר אוואהנונג, עס איז אשטוב מיט 4 פענסטער, יעדעס
פענסטער גייט ארויס אויף איין אנדערע זייט, אין דם זעלבן טאג
הט יעדעס פענסטער איינע בעזונדערע סצענע פארגעשטעלט
מען הט פלוצלינג געהערט אגעשרייא אגעוויין אקלאג. ווס איז?
מען גייט צו הערט מען קלאפן מיט פושקעס (צדקה תציל ממות)
איין אלטע יודענע איז געשטארבן, דס צווייטע פענסטער הערט
מען ווידר שפילן פויקן ווס איז? אחופה, עס ווערט אבר פלוצלינג
אגעשרייא געשווינד! געשווינד! חאפט אריין חתן כלה, צו נעמט
די חופה, סטראש לויפט עס ברענט! עס ברענט! דורך דם
דריטן פענסטער זעהט מען ווידר דם היצעל פאהרן און קינדר
לויפן נאך, דורך דם פערטן פענסטער, הערט מען ווידר שרייען
אגעלייף אגעפילדער, זלאפייא זלאדזייע! זלאפייא זלאדזייע!
די שטוב זעלבערט איז געוועזן גאנץ גרויס און הויך איין בעל
בית מיט פינף קאמערלייט. דר ב״ב הט געוואהנט אויבן אויפין
געלענדר, באלד נעבן די טיר ביי איין קאמערניק פערשטעלט
מיט אשטיקל שפאניש ווענטל. איז געזעסן איונג פאר פאלק
נעבן אוויגל און זעהר ביטערליך געוויינט, דם וויגל צו קאפענס
אלעכט, ווס איז? איין איינציג קינד נעבאך איז געשטארבן, אין
יענער זייט שפאנישע וואנט מאכט מען ווידר בייא איין לאראמטר
אפדיון הבן, אקשיא? אז עס איז דא אמת, און אפדיון הבן קען
דאך נישט זיין אן אכהן, נאר דא איז גאר איין אנדערער פדיון
הבן, אפאטר שלאגט דם זאהן ווייל ער הט ארובל געבארגט

אויף

אויף זַיין קאַנְטֶע צוּ פָאהְרֶען קיין.. צוּם... לֶייזְט מֶען אִים אוֹיס
כִּיט אַגְלֶעזֶעל מֶעד. בַּיי דֶם לֶעצְטֶען פֶענְסְטֶער זִיצְט אַמְלַמֵד מִיט
8 קִינְדֶער צֶעהְן עֶלְף יֶעריגֶע אוּן לֶערְנְט גאַנְץ, עֶרֶענְצְט ווִי עֶס
ווַייזְט אוֹיס עֶסְט עֶר נִישְׁט קֵיין קֶעסְט. דֶען עֶר אִיז זַייעֶר אָבְּ
גֶעבְּאֶגעֶרְט אוּן בְּלַאס, דִי אוֹיגֶען אִין קאָפּ אַרַיין, ווֶען עֶר זָאל זִיצֶען
אָן דִי קִינְדֶער, וואָלְט מֶען גֶעמֵיינְט אַז עֶר אִיז אַפֶּעדֶער הֶענְדְלֶער
ווַייל דִי יַארְמִילְקֶע מִיט דִי הָאר זֶענֶען גֶענֶעזֶען מִיט פֶעדֶערֶען ווִיא
בֶּעשְׁנֵיימֶט, דָאס בְּרֶיעשְׁקֵייט פוּן זַיין ווַייבּ הָט מֶען דֶערְקָאנְט אָן
שְׁלָאפְרָאק ווָאס עֶר אִיז גִיגַאנְגֶען, עֶס אִיז גֶעווֶען ווִיא אַשְׁנַיידֶער
טִישְׁטֶעכְל אוֹיס גֶעשְׁטִיקֶעוועט לַאטֶקֶעלֶעך אַלֶע הַאנְד קָאלֶערִין,
אוֹיף דִי פִּיס אַפָּאר גְרוֹיסֶע שְׁווֶערֶע שִׁיךְ, ווָאס נִישְׁט אֵיין שׁוּסְטֶער
הָט זַיין מַיינְשְׁטֶער שְׁטִיק אוֹיף זֵיי גֶעווִיזֶען, דָאךְ מִיט דִי פִינְגֶער
אִין דְרוֹיסֶען, בַּיי דֶר זַייט אִיז גֶעזֶעסֶן זַיין ווַייבּ אַיין עֲקֶרֶת הַבַּיִת,
ווַייל דֶר בֶּעזֶעם אִיז נָאךְ גֶעבֶען אִיהְר גֶעשְׁטַאנֶען, אַמִילְטֶערְל אוֹיף
דִי שׁוֹיס אוּן גֶעצוּפְּט קְלוּסְקֶעלֶעךְ, אוֹיבֶּן אִין דְרֵיהִיךְ אִיז גָאר
עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ גֶעווֶען, דֶר טִישׁ גֶעדֶעקְט גֶעקֶעכְט זֶענֶען אַרוּם
גֶעזֶעסֶן, ר׳ א... שַׁדְכֶן אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אַרָאבּ גֶעקוּקְט, אַמֵיידֶל שֵׁיין
אָן גֶעטוּהְן גֶעזֶעסֶן אָן דֶר זַייט. אַיין עֶרֶךְ פוּן 10 פֶערְשׁוֹין אַרוּם.
אַשְׁרַייבֶּר הָט גֶשְׁרִיבֶּן, עֶס ווַאר גַאנְץ שְׁטִיל. אֵיינֶער הָט אָנְגֶעהוֹיבֶּן
צוּ לֵיינֶען, מֶען הָט נִישְׁט גֶעקֶענְט דוּרְךְ דֶם גֶעשְׁרֵייא פוּן פָּאר
פָאלְק אִיבֶּר זֵייעֶר אֵיינְצִיג קִינְד, גוּט הֶערֶען ווָאס עֶר לֵייעֶנְט, אוֹיךְ
הָאבֶּען צְווֵיי יוּנְגֶעלֶעךְ גֶעזָאגְט אַלֵיינֶען הָט אוֹיךְ אַבִּיסֶעל גֶעשְׁטֶערְט
נָאר פְלוּצְלִינְג אִיז גֶעווָארֶען אַגֶעשְׁרֵייא אוֹיף דֶם גֶעלֶענְדֶער מַזָל
טוֹב! מַזָל טוֹב! אוּן מֶען הָט אָן גֶעהוֹיבֶּן צוּ טְשַׁאסְקֶען מִיט טֶעפּ
ווָאס אִיז? אַהַא! אַתְּנָאִים, נָאר ווָאוּנְדֶער זָאל מֶען צוּ זֶעהְן, בַּיי דֶם
אַלֶעם הָט זִיךְ דֶר מְלַמֵד נִישְׁט גֶעמִישְׁט, נָאר גֶעזֶעסֶן אוֹיף זַיין
הַארְט בֶּענְקֶל אוּן עֶרֶענְסְט מִיט דִי קִינְדֶער גֶעלֶערְנְט, דֶר עוֹלָם
פוּן דֶר הֵייךְ הָט אָן גֶהוֹיבֶּן צוּ צוּגֵיין ווִיא זַאלְץ אִין ווַאסֶער, דֶר
עֶרְשְׁטֶער אִיז גֶעווֶען ר׳ א... עוֹרְכֶן ווֶעלְכֶער אִיז נָאר גֶעקוּמֶען צוּ

דיא

# דער בין הזמנים

דיא ערשטע שטיג הט אים שוין ר' שנאפס געגעבן אשטופ אראפ, זא איז ער מיט 3 מאל קאזיעליק אראפ געקומן, נאר איידער ער הט זיך אויף געהויבן, איז ער שוין בעדעקט געוועזן נאך מיט זעקס, ווייל זיי האבן זיך ראפטעס אראפ געלאזט פון די שטיגן און ניכט געזעהן און געהערט זיין פאלן איבער דעם געשרייא, אויך אין דר זעלבע מענוט איז אריין געקומן דר קברן מיט אקעסטל נאך דעם קינד, גענוג אצייט פון אפערטל שעה איז דיא שטוב ליידיג געבליבן, נאר אונזר ערענטסטער רבי מיט די קינדר האבן נאך געלערנט, דר זייגער שלאגט צווייא זא הייסט דר רבי די קינדר מיטאגס גיין, בלייבן נאר איבער דיא דרייא, ווער? דר מלמד און זיין ווייב, מיט דעם מילטעל קלויסקעלעך. עס איז אפאר מענוט שטיל און זיא פאנגט אן.

הער נאר! האסטו דיך שוין עפעס געזעהן מיט די ב"ב? עס איז דאך היינט דיא צייט דערפון, מלמד. דוא ווייסט דאך מיין לעבן איך גייא נישט וועגן בין הזמנים, איך ווייס נישט וויא אמיר עפנט זיך, איך קוק צו דם גרייטע וויס גאט זייקט מיר צו. ווייב, דאדורך האסטו דעם דלות, אנדרע לויפן שוין ארום באלד פון חצי אלול, און דוא ליגסט נאך קראנק. מלמד. גלייב מיר מיינס וועלן זייא נישט אוועק נעמן. ווייב. עס איז דאך אבער שוין דר 10 מער זמן און האסט נאך קיין מאל קיין רעכט מעמד נישט געהאט. מלמד, מן הסתם איז נאך נישט צייט געוועזן. לאז מיך אבער גיין, קאך אב דם ביסל זאטשערקע די קינדר וועלן באלד צוריק קומן איך וועל מיך ברויכן זעצן לערנן. ווייב, אלץ צו דם בעל בית ווס מען הט דיר נעבטן געזאגט וועסטו דאך מעגן היינט בייא נאכט גיין. מלמד, גייא זייא קיין נאר בעסר. וויא קום איך צו אזויא אגביר. דאך וועל איך גיין ווייל מען הט מיר נאראיעט.

אצונד ליבר לעזער לאסן מיר דם מלמד רוהיג זיין ארים מיטאגס עסן און רוהע דיך אויך אב. ביז נאכט. ווייל מיר וועלן ברויכן ביי נאכט אום זייגר ·טע צו זיין ביי דם זעלבן ב"ב אויף דער טוו... גאס ;

ג) (כל הגדול מחברו יצרו גדול הימנו)

דם ווייסט איטליכער אפילו מלמדים אליין. וויפיל לשון הרע צווישן זייא געפינט זיך, דם געפינט זיך נישט אונטר קיין קלאס מענשן, ווארום זאל דם אזויא זיין? זייא זענן דאך אלע לומדים. יעדער נאך זיין פאך אונ שטאנד. פר וום זאלן זייא זייטר יצר הרע נישט קענן גובר זיין? דר תירוץ איז אז מיוועט זייא אויף יענער וועלט אויך דם אייגענע פרעגן. און דארטן וועלן זייא שוין פארענטפערן. דורך לשון הרע איז ירושלים הרוב געווארן. אונ ווער ווייסט צו וום דם וועט נאך ברענגן. זייא האבן אזוינס גנומן זיך וום מען הט זייא גאר נישט איבר געגבן.

אויף די טווא... גאם שטייט אגרוים שטיין הויז אויף 3 שטאק ווי מען קומט אריין אין טויער גייט מען ארויף אויף דם ערשטן שטאק רעכטס איז צו זעהן אטיר ווי זייא ווייס מיט אמעשעני קלאמקע. די ערשטע שטוב איז זייער איין שיינע קעך, די צווייטע איז איאדאלנע שטוב, רעכטס איז ווידר אשטוב. דא וועלן מיר שוין בלייבן שטיין. עס שטייט אין מיטן דר סאליע אקאליבטיגר מאכאנענר טיש אויף 6 פיס מיט אגרינע סאראטע פערדעקט, אפאר זילבערנע לייכטער מיט סטארין ליכט ברענן זיך. און אזילבערנע פוצשער אויף אזילבערן טעצל. נעבען טיש זיצט דר הויז העד אין אזיידענעם שלאפראק אונד אין איין פירקאנטיג זעהר טייערן סאמעטן קאפעלע, אויף דם טיש ליגט אויפגשלאגן אגמרא סוכה. נעבן איהם ביי דר רעכטער זייט זיצט איין יונגעלע אונגפעהר צוועלף יאהר אלט איבר איין תלמוד לשון עברי. ווייסטו ליבר לעזער ווער זייא זענן? דאם איז אונזער בעקאנטער ליווראנד מ׳ י׳ רעכטמאן מיט זיין זאהן יודקעלע. יעצט לאסן מיר הערן וום זייא שמיסן. דר פאטר זאגט, מיין קינד האסטו לוסט ווייטר צו לערנן ביי דיין רבין? זאהן, דם

וועגד

# דער בעל לשון הרע

קעניגליכע מייעסטעט. איך בין שולדיג. איך האב געזינדיגט. איך האב נישט געקענט דעם יצר הרע בעצווינגן. איך האב... אוי! קעניגליכע מייעסטעט איך האב גגאנבעט מען הט מיך מיט רעכט איינגעזעצט אונ וויינט. דר קעניג שרייט לאם מען ארויס שמייסן דם דיב (גנב) ער ווירד מיר נאך דיא אלע ערליכע לייט פערדערבן און פר גנבים מאכן. זא איז דער וואהר זאגער בפרייעט גווארן, אזוי איז אויך מיין ליבער יוד מיט אייך, אבער אויף איין אנדערע ארט, זייא אלע זענן שלעכט נאר איר זענט גוט און דר עהליכר יוד, ברויך מען אייך צו טראנצפאטירן איר זאלט אייך פון זייא נישט אויס לערנן, און גייט אייך גזונטערהייט, איין בעל לשון הרע ליב איך נישט, דר מלמד גייט מיט חרפה אוועק און קען קוים דיא טיר געפינען.

עס איז אפאר מענוטען שטיל. דער ה׳ רעכטמאן זיצט פערטיפט אין זיינע גדאנקן. באלד גיט ער אשמייכל. באלד ווידר פלאמט זיין גזיכט פר צארן. דס קינד רייסט איבר דם שווייגן, פאטער לעבן, ווס ביסטו אזוי פרטראכט? רעכטמאן. ליבר זאהן האסטו דען נישט געהערט וויא דיזער האט אויף דיין רבין אויס גערעדט. קינד. דוא ביזט דאך אויסר אלעם בייז אויף מיין רבין דורך די צעהן רובעל. ווס ארט דיך וואס דער מלמד האט גרעד. רעכטמאן מיט צארן. איין קנאבע פאן 12 יאהר ברויכט קליגער צו זיין וויא דוא ביסט, ווייל איך בין אויף דיין רבין אויף געטראגן. ברויך מיך נישט צו פרדריסן? ווען עס זאל זאגאר וואהר זיין. ברויך ער אויך קיין לשון הרע צו רעדן. אבער דאס ווס ער האט גזאגט איז דאך ליגענד דם פרדריסט מיך:

## 8) דער מלמד אין דוכאוונע קליידער:

אין דעם מעלדעט די דינסט, דאס נאך איינר פרעגט אוב

ער

ער קען אריין קומען. דיא ערלויבונג ווערד געגעבן. עס קומט איין צווייטער אריין אקליינער אדיקליכער. שיין געקלייד אין אטולעפעל מיט אגרויסן קאלנער אהיטל פון אזוינס וואס איז נעבן סויביל געלעגן. אגראבען שטעקן אין האנד אברייטע בארד. גענוג ער זעהט אויס וויא אגאנצער רבי.

אגוטין אבענד אייך. רעכטמאן. אגוטען אבענד. ווער זענט איר מיין ליבער יוד? שלום עליכם! עליכם שלום. ענטווערט דער נייער גאסט (אין דעם וויא ער זעצט זיך) אוי בין איך דאס מיד פון וועג. רעכטמאן. איר קומט ערשט צו פאהרן? איר זענט בוודאי געקומן וועגן כלל ישראל. עפעס פון ווארשויא גוטס צו רעכטן פאר אייערע שטאט לייט. איך זעה אז איר זענט ארב. אפשר גאר וועגן ארץ ישראל געלד? גאסט. אזוי טייער זעהט ביי אייך אויס מיין פנים? אז איר האלט מיך פר ארב. און ווס דר קענט איר? רעכטמאן, דער שטעקן מיט אייער קאלפיק זאגט מיר דאס. גאסט. ניין מיין ליבער בעל הבית איך בין אמלמד. רעכטמאן, אזוי! אמלמד זענט איהר, עס מוז בוודאי זיין קיהל אין דרויסן ווס איר גייט אין דאכאוונע קליידר, וואהרן צו מלומדות זענן די קליידר נישט נייטיג, עס זענן דא היא מלמדים גאר די וואוילע אונ גייען גאנץ יאלדיש. מלמד, ווס טאטש אונ איך בין עפעס אפרעמדר? איך בין דאך אויך אווארשווער. רעכטמאן. נוא אדרבה וואס זענט איר אויסגשלאסן מיט אייער גאנג געגן אנדערע? וועלכע עס געהער נאר צו דוכאוונע מענשן דיינים. מלמד, עה! ווס גלייכט איר מיך צו די אנדערע מלמדים. איך בין דאך טאקיש דר גרוסער למדן. אונ בין ביי דם... גאר דם אייבערשטע פון שטייסל. אונ ווידר. רעכט איך מיך גאר אין קורצען ארויס צו קריגן אפאטענט אויף אדוכאוונע. בין איך מיך טאקיש מקדים אונ גייא שוין אן גטוהן דוכאוויטשנע קליידר. אונ איך קום ערשט טאקיש פון דם... צו פאהרן. איך

בין שוין אפילו פארטיג מיט מיין מעמד. נאר עס פעהלט מיר נאך איינער. און מיר דאכט זיך אגרויסער נגיד ברויך צו האבן אגרויסן מלמד. נאר איך בעט אייך איבער. וויא איך בין דא ארויף געגאנגן. האב איך גטראפן אראפ גיין פון דאנן אמלמד ער איז בוודאי פון אייך געגאנגן? האט איר אים אפשר שוין דם ווארט געגעבן? רעכטמאן. איר קענט אים דען? מלמד. אוי אוי. אויב איך קען אים. רעכטמאן. איז ער עפעס אגוטער מלמד? מלמד. אשדכן נאך אבסערער. אבריית גייער גאר דער וואוילער. אויף אבטלן מעג ער אפאטענט האבן. רעכטמאן. הערט נאר מיין ליבער יוד איז ער נאר פון אייער כיתה חסידים. מלמד. עה ווס רעד איר. וויא איז ער אחסיד. וויא פאלט איר דם אויס. ער איז אגארנישט. רעכטמאן, אפשר וועט ער הערשט ווערן? און ער ארבעט דארויף? מלמד, גייט הט מיר נישט פר איבל דם ברויך מען נישט צו ארבעטן; אפאר מאל אין שטיבל אריין צו גיין, אונ ווידר אמאל אפאר צו געבן. גענוג שוין פארטיג. זאגט ה׳ רעכטמאן, אזוי מיין ליבר יוד. מיר שיינט פערקערט. גלייבט מיר איך אונ נאך כייגע טויזענטער זאגן ווס בייא אונז אויף דם הערצן ליגט, אונ מיין מיינונג איז נישט צו זאטשעפן ח״ו מיט פרומע. לאמיר דם דיא צייט איבר לאזין זיא הייכט בעסער פון הונדערט דאקטורים. לאמיר רעדן גאנץ אפן, אז מען וויל בעטראכטן איין אמתין חסיד. וויא עס גיט זיך אויס, וואס בעליידיגט נישט דם נאמן חסיד. ער איז אלמדן אפרומער מענש, איין ערליכער מאן צו דר וועלט, ער הט אגוט הערץ, קען זיך גפינן צווישן מענשן. ער הט נאר אין זינן זיין געשפט ווייב און קינד מפרנס צו זיין. זארגט פר זיין געמיינדע. גיט צדקה בסתר. ער איז אמעביר על מדותיו. ווייסט נישט פון קנאה פון שנאה. רעכט נישט אב פון מענשן. וכדומה מעלות וואס דארפן זיך גפינן בייא איינעם וואס וויל באמת פארדינען דעם נאמן חסיד.

מלמד, איר הט גאנץ רעכט. היינט מקוה.... , רעכטמאן, איז דען דיא מקוה נאר גמאכט גיווארן פאר חסידים. מקוה איז פר אלע יודן. נאר ער גייט טעגליך אין מקוה אריין, לאז זיך אים דאכטן ער האלט פון וואסער קור. ער היט אב זיין שבת ? (אגלעזיל משקה) וואויל אים ער הט די איידעלסטע עולם הזה מיט דר בעסטער האפנונג אויף עולם הבא, ער איז קובע עתים לתורה ? אברכה אויף זיין קאפ, ווס דען איז גוט ? דיא וועלט צו בלעבן. ער פאהרט צום רעבין, מוט אן איהם נישט קיין האנד אין קאלטן וואסער אריין. זעהר גוט. ווארום דען נישט גליקליך איז דר מענש וועלכער הט אהערצפריינד, ער פיהלט זיך גליקליך, ער גיט אקערבל דס איז נאך נישט פון די גרעסטע עולות. פר וואס זאל ער אים מבטל זיין אומזונסט. דיא אללע אייגענשאפטן ווס מיר האבן פריהר אויסגערעכנט האבן פערצייטיגע פרומע גהאט. פר אזאלכע האבן מיר גמוזט דרך ארץ האבן פאר זייער תורה פר זייער פרומקייט און מדות טובות. עס איז זיי אויך נישט גרינג אן געקומן דער נאמן חסיד. פריער איז ער גזעסן טאג און נאכט און געלערנט און גדאווענט. דר נאך האט ער גוואלט קענן מעשה בראשית און מעשה מרכבה. האט ער גלערנט זוהר און אנדערע קבלה ספרים. און האט דער צו אויך גברויכט גרויסע טהרות און התבודדות. ביז עס האט גקענט זיין אז ער איז גקומן לידי רוח הקודש. דעם אנדערן צדיק האט ער געהאלטן אז ער שטייט אויף אהעכערע מדרגה. היינט וויפיל מיה האט אים גקאסט צו קומן צו דעם אמתין נאמען חסיד. וויפיל תעניתים און הפסקות הט ער אויס גפאסט וואס היינט איז עס בייא זייא אין דיא שוסטער בענק. דאס הייסט לאזן די שוסטערס און דיא אויפגעקלערטע פאסטן. אחסיד ברויך דאס נישט. ער טוט מיט דעם טרונק בראנפן מער וויא דער מתנגד מיט זיין פאסטן. רעכט האט ער. איבר

אַטְרוּנְק י״ש מַאכְט מֶען אבּרכה און אִיבֶּער אתענית נִישְׁט . מִיט אַזֶעלְכֶע חסידים ווי מִיר גֶעשְׁרִיבְּן הָאבְּן הָאט זִיךְ גֶעמֶעגְט אַמְתְנַגְדִישֶׁר לַמְדָן קְרִיגְן און שְׁטוּדִירְן . דָאךְ גְרוֹס אָבְּשֵׁייא גְהַאט . וַוייל עֶר אִיז טַאקִיש גֶעוֶועזְן אוֹיס גֶעטוּהְן פוּן דֶער וֶועלְט . מִיר קֶענֶן אוֹיךְ הִיא חסידים וֶועלְכֶע זֶענֶען זֶעהְר אֵיידֶעלֶע מֶענְשְׁן צוּ גָאט און צוּ לַייט . זֵייא גְלַייכְן זִיךְ אוֹיס מִיט דֶער גַאנְצֶער וֶועלְט . גֶענִיסֶן אַכְטוּנְג אוּנ פֶערְטְרוֹיֶען . פוּן גֶעבִּילְדֶעטֶע יוּדֶען און קְרִיסְטְן . נִישְׁט אַזוֹיא ווִיא עֶס הָט מִיר אַיין יוּדִישֶׁער לֶעהְרֶער עֶרְצֶעהְלְט . עֶר הָאט אַמָאל לֶעקְצִיֶע גֶעגֶעבְּן בַּייא אַיין מלמד אִין אַחֶדֶר . צוּ דֶעם לֶעהְרֶערְס אוּמְגְלִיק הָאט דֶר מלמד גֶעקְנֶעלְט אִין אַשְׁטִיבֶּעל . וִויא דֶר לֶעהְרֶער אִיז אַהִין גֶעקוּמֶען . אַזוֹיא גֶעזֶעסְן מִיט זַיינֶע עֶטְלִיכֶע שׁוּלֶער אוּנ גֶעשְׁרִיבְּן . אוּנ דֶער מלמד הָאט זִיךְ דֶר וַוייל נֶעבֶּעךְ אָבּ גֶערוּהְט פוּן זַיין אַרְבֶּעט . קוּמֶען פְּלִיצְלוּנְג אַרַיין צְוֵוייא יוּנְגֶע פְּרִישֶׁע אוֹיפְגֶעקוּמֶענֶע חֲסִידִישֶׁע אֵיידֶעמְלֶעךְ . און דֶער זֶעהֶען דֶעם מֶעטֶער מִיט דִיא קִינְדֶער שְׁרַייבֶּן . גֶעבְּן זֵייא דֶעם גְרוֹיסֶען גֶעשְׁרֵייא צא טמא אַרוֹיס וָואס אִיז דָאס אַשְׁטִיבְּל מטמא צוּ זַיין . דֶער מלמד אִיז אָבֶּער אוֹיךְ גְוֶועזְן אחסיד אַיין אַלְטֶער יוּד מִיט רֵיינֶע גֶעוִויסְן . און גֶעוָואוּסְט דִיא אוּנְרֶעכְט גֶעגֶען דֶעם אוּנְשִׁילְדִיגֶען מֶעטֶער—אוּנ אִים מִיט דִיא וֶוערְטֶער בֶּערוּהִיגְט . הָאט נִישְׁט פַר אִיבְּל . זֵייא הָאבֶּען אַטְרוּנְק אִין קָאפּ . דָאךְ אִיז דֶער מֶעטֶער נִישְׁט פָּטוּר גֶעוָוארֶען אָן תִיקוּן . גְמוּזְט גֶעבְּן אוֹיף י״ש . נוּא אִיז דָאס כְּעֶנְשְׁהֵייט . דִי אֵיידֶעלֶע אָבֶּער . פִירֶען זִיךְ אַנְדֶערְשׁ . זֵייעֶרֶע קִינְדֶער לֶערְנֶן גמרא פּסוק אוּנ תנ״ך . לשון קודש . אַנְדֶרֶע גֶעגֶענְשְׁטֶענְדֶע . גָאר צְווִישֶׁן דִיא קוּנְדַאסְטֶעוֶע אִיז גָאר עֶפֶּעס אַנְדֶערְשׁ . גָאר אַיין אַנְדֶערֶע וֶועלְט . עֶס אִיז בַּיי זֵיי גָאר גְרִינְג אַחָסִיד צוּ וֶוערְן . נִישְׁט לֶערְנֶן אִיז אוֹיךְ רֶעכְט . מֵיילֶע תנ״ך הָאט מֶען שׁוֹין לַאנְג גֶעגֶעבְּן אַטְשִׁיסְטֶע דְמִיסְיֶע

א נאר

אַ נָאר מִיט דֶם הַאלְטֶן זַייא מִיט דִי אַלְטֶע מתנגדים. דֶר חִילוּק
אִיז נָאר. יֶענֶע הָאבְּן גֶעוְויסְט אַז דֶר פָּסוּק (פון ישעיה) שְׁטֵייט
אִין (בבא קמא). אוּנ הַיינְטִיגֶע ווייסֶן דָס אוֹיךְ נִישְׁט. מ:מר.
אפשר לערנן זייא זוהר. רֶעכְטמַאן. עֶה מִיר דַאכְט זִיךְ זַייא
קֶענֶן דָארְט קֵיין עברי נִישְׁט. גֶענוּג דֶעם זוהר אִין שְׁטוּבּ צוּ
הַאלְטֶן. דָס אִיז מְסוּגָל צוּ דִיא נשמה. אַלַארֶע יוּנְגֶער מַאן
זוֹם עֶסט קֶעסְט וֶוערְט אחסיד. מִיט וָואס? עֶר קוֹיפְט זִיךְ
אַלוּלְקֶע צִיבֶּעכֶל. פַאפֶערְט אַגַאנְצֶע טָאג אִין בית המדרש.
וֶוערְט אַיין עזות פנים. רַייסְט אוֹיס יוּנְג אוּנ אַלְט דִי אוֹיגְן.
עֶרְצְט נִישְׁט דֶעם שֶׁענְקְטֶן יוד מִיט אַגְרָאֶע בָּארְד. עֶר
גֶעווֵיינְט זִיךְ צוּ טְרִינְקֶן אַשִׁיעוּר כּוֹס שְׁפִּירֶעטֶעם מִיט בְּרָאנְפֶּן,
אוֹיף אַמָאל וֶוערְט עֶר פֶערְשְׁווִינְדֶען מִיט דֶעם וַוייבְּס צִירוּנְג.
זוּימְט זִיךְ עֶטְלֶעכֶע וָואכֶן חַאפְּט שִׁירַיִם אוּן קוּמְט אַהֵיים
אַפַּארְטִיגֶער חסיד. פֶערְצֵיילְט נסים פוּן רֶבִּין (וֶוען דֶער רבי
וָאל דָם זֶעלְבְּסְט הֶערְן וָואלְט עֶס אִים גֶעוִויס פֶערְדְרָאסֶען)
עֶר אִיז מחיה מתים. קְרַאנְקֶע שְׁטוּמֶע. קְרוּמֶע. בְּלִינְדֶע
גֶעהֵיילְט. עֲקָרוֹת פּוֹקֵד גֶעוֶוען. וִויא עֶר הָאט שְׁטֶענְדִיג
קָאנְפֶערֶענְצֶען מִיט אליהו הנביא. מִיט משה רבינו. אוּנ
אברהם אבינו. מִיט אַלֶע אַלְטֶע מלאכים חוּץ מִיט דִי וָואס
עֶר הָאט אַלֵיין בֶּעשַׁאפֶן. אוּנ דָאס אֵייגֶענֶע פֶערְצֵיילְט יֶענֶער
ווידֶער פוּן זַיין רֶבִּין. וִויא קֶען דָאס מֶעגְלִיךְ זַיין. נָאךְ יֶעדֶענְס
דֵיעָה אִיז נָאר זַיין רבי דֶער גַאנְצֶער רֶעגִירֶער אוֹיף דֶער אוּנ
אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט, מוּז דָאךְ אַיין חסיד זַיין גֶעוִוים אַלִיגְנֶער?
זָאג בֶּעסֶר פָּשׁוּט. דֶער רבי אִיז אצדיק אַגְרוֹסֶער חסיד.
וָואס טוֹיג אוּנְס דִי פַאלְשֶׁע נסים. זָאג וִויא דֶער אֶמֶת אִיז.
דֶעם צַדִיקְס תפלה וֶוערְט גֶעשְׁווִינְדֶער אָן גֶענוּמְן וִויא אוּנְזֶרֶע.
וַוייל עֶר פֶערְבֵּייגְט אַלֶע וֶועלְט זַאכֶן אוּנ אִיז צוּ גֶעבּוֹיגֶען
צוּ גָאט מֶער וִוי אוּנְס. מלמד. אוֹי! אִיר הָט גַאנְץ רֶעכְט.
וֶוער מַאכְט דָאס אָבֶּער נָאר דָאס יוּנְג וֶוערְק. רֶעכְטמַאן.

זאָג איך דס. אויף דעם שטייגער קען זאיטליכער אחסיד ווערן. גאַנצע שטעט. דערפֿער. חסידים. פּראָסטאַקעס גראָבע יונגען. בעלי עגלות. דאַוונען נוסח ספרד. קריינט זיך מיט כתר, ער ווייסט אפילו נישט דעם טייטש פון דעם וואָרט. זיין גאַנץ חסידות בעשטייט נאָר אין דעם. פיינד צו האָבן אמתנגד. נאָר מיין ליבער יוד איך האָב אפשר צו פיל גערעדט אמת איז עס דאָך. איך בין נישט דער שטאַרקער מתנגד. מלמד. איך ווייס איר זענט אַפֿרבּאָרגנער חסיד. וויא איך בין געוועזן ביים רבּין האָט מען פון איך אַבריף מיט אפּדריון אָב געגעבן. רעבּטמאַן. זעהט איר שוין מיין ליבּר ערב רב. מלמד. האָלב פערוואונדערט האַלב פּערדראָס. פאַר וואָס גיט איר מיר אַזוי אַנאָמן׳ רעבּטמאַן. האָט נישט פאַר איבל מיין ליבער צוקונפטיגער רב. איינערע קליידער בּפעהלן עס, איר זענט נאָך נישט קיין דוכאָוונע אונ איר טראָגט שון די קליידר. הייסט איר ערב רב. זא גוט וויא ערב יוט. ווייל דס רבּנות וועט באַלד געוויס אָן קומען. מלמד. בוודאַי רעכט איך מיך אַלע טאָג. רעבּטמאַן. נוא וועל איך דאָך פּאַרפירט ווערן מיט אמלמד. קען איך אייך מיין קינד נישט געבן. אונ אויך דס לשון הרע וואָס איר האָט פריער גערעדט פּאַסט נישט פאַר אַין רב. נאָר טאַקיש פאַר ערב רב. האָט נישט פאַר איבעל אונ האָט אַגוטע נאַכט. דער מלמד גייט אוך אַוועק פאַרשעמטערהייט.

וויא דר צוקינפטיגער רב איז אַוועק גיאַנגן. זאָגט דער יונגעל צום פאָטר. ליבּר פאָטער איך בּיטע אומפּערציירונג. וואָס ביסטו זא אוף געטראָגן אונ אַזויא בייז. וואָס גייט דיך אָן. וואָס איינער רעד אויף דעם אַנדערן. וואָס ברוכסטו זיי צו שטראָפן. שוין צוויי מלמדים זענן ברוגז אַוועק געגאַנגען. פּאָטער. דוא האָסט דיא אורזאַכע מיך דאס צו פרעגן. ווייל דיין איידלקייט ווייזט אוים איטליכען גוט צו בעהאַנדלען.

-נימאנגרען

נימאנדן צו פֿרשעמן. זאלסט אָבער וויסן איך פֿערשעם אָבער נאר בלוס דעם קערפער (גוף) אָבער איך הייל דיא זעלע (נשמה) מעג ער בעסר קענן לערנן אלס איך. איז מיין שולדיקייט אים צו שטראפֿן. דוא זעהסט דאך ער האט זיך זאנאר נישט פֿר ענטוועֿרט. וואס איז דאס מיט לשון הרע זוכט מאן ברויט? איינער דעם אנדערן צו פֿערשמוצען. דאס פֿאסט פֿר גאסן יונגען. איך נאר דעמאלט ווען זייא זענן בעזאפֿן. אָבער נישט פֿר קיין לומדים ערליכע יודען. דאס הייסט נאר שיינהייליגע מענשן. און נאך אמאל מיין קינד פֿרעג מיך נישט איבער!

די טיר מאכט זיך אויף. איין דריטער קומט אריין שוין האלב יודיש געקליידט. גוט נאוועגד איך! רעכטמאן ענטווערט העפֿליך און הייסט אים זעצן. וואס ברויכט איר מיין ליבער יור? מלמד. ר' א' י' האט מיך געשיקט צו איך ווענן אייער יונגעלע. איך בין בייא אים געוועזן מלמד פֿיר יאר עס האבן זיינע דריי קינדער בייא מיר געלערנט אכט זמנים. נוא ברויך איך דאך נישט קיין בעסערע רעקאמעדאציע. איך בין בטוח פֿון אייער קינד אלייט צו מאכן. איר וועט בוודאי צו פֿריעדן זיין. איך בין גישט קיין חסיד. איך דאווען אב גאנץ פֿריא. נישט אזוי וויא זייא. נקבים גדולים נקבים קטנים דויערט ביז צעהן ביז עלעווע. צווייא וואכן פֿאר ר"ה האלאי צום רבין. דיא קינדער פֿוסט און פֿאס. רעכטמאן. וואס זענט איר אזוא בייז אויף חסידים? האבען זייא איך ווען שלעכטס געטוען? מלמד. איך גיב מיך מיט זייא גאר נישט אב. רעכטמאן. וויא וויסט איר זייער פֿירונג? מלמד. אין דעם הויף ווי איך קגעל. וואוען דען נישט זייערע? נוא זעה איך דען נישט? רעכטמאן. נוא ווען האט איר וויהער צייט צו לערנן. דען טלמדים נאך צו קוקן ברויך דאך עפעס צייט אוועק צו נעמן? קומט אוס אז זיי טוען מער ווי איר (דער מלמד בלייבט זיצן געפֿינד גיט

קיינע

חסיד פון דֶעם מִתְנַגֵד . מֶען פַרְצֵיילְט דָאם אַגֶעווִיסֶר חָסִיד הָאט מכבד גֶוועזְן אֵיין מתנגד אַגַאנְץ עָרְלִיכֶן יוד מִיט סנדקאות. און דָם וַוייבּ הָאט נָאר גְעהַאט אַמֵיידֶל. בֶּעשְׁטֶעלְט הָאט עֶר אִים אוֹיף דֶר און דֶר שעה יֶענֶער הָאט זִיך פָארְבְּרֵייטֶעט גֶעווִים בִּיז צוּ דֶר שעה גֶעפַּאקְט וִויא זַיין שְׁטֵייגֶער אִיז. און עֶר אִיז גֶעקוּמֶן אוֹיף דֶם ברית. דֶר חסיד אִיז זִיך אַרוּם גֶעזֶעסְן מִיט זַיין כיתה אונ פון דֶם סנדיק אוים גֶעלַאכְט. נָאר דֶעם סנְדיק אִיז אַלְץ אֵיינְס מחשבה טובה כמעשׂה. נָאר דֶער הָאט גֶעבֶּעך אִין אַפָּאר טָאג אַרוּם. דָאס קִינְר צוּרִיק אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט אַוֶועק גֶעשִׁיקְט. דָאם אַלְץ הֵייסְט חלילה גָאר נִישְׁט אָבּ גֶערֶעכְט דֶעם אמת מֶעג מֶען זָאגְן, מֶעג זַיין דֶער זָאגֶער אָדֶר מחבר וֶוער עֶר וִויל, וֶוען עֶס אִיז רֶעכְט בְּרוֹיך מֶען צוּ פָאלְגְן. פּוּנְקְט וִויא אַגֶעווִיסֶער גְרוֹיסֶער מַאן אִיז זִיך גֶעזֶעסְן אִין זַיין צִימֶער גַאנְץ פֶערְגֶנִיגְט . פְּלוּצְלִינְג קוּמְט אַרַיין צוּ לוֹיפְן אַיין אָבְּגֶרִיסֶנֶער בֶּעטְלֶער און שְׁרַייֶעט, מַיין הֶערר גֵייט גֶעשְׁווִינְד אַרוֹים עֶס בְּרֶענְט. דֶער דַאך בְּרֶענְט שׁוֹין. דֶער הֶערר קוּקְט אִים אָן און לַאכְט, וֶועהְטְס נָאר אַזוֹיא אַלַיידַאק! אַזוֹיא אַקַבְּצָן זָאל אִיך פָאלְגֶען, עֶס בְּרֶענְט אָבֶּער דָאך. מוז עֶר דָאך אַרוֹים גֵיין, נוא אִיז דָאס נִישְׁט דָאס זֶעלְבֶּע? וֶוער עֶס קֶען מציל זַיין דֶער בְּרוֹיך צוּ שְׁרֵייֶען. פָאלְג יָא פָאלְג נִישְׁט. נָאר אֵיין בְּרֵירָה הָאבֶּן זֵייא דָאס בִּיכֶעל צוּ רַייסְן. אַזוֹי וִויא אֵיינֶער הָאט אמגיד פַארְבְּרֶענְט דֶער צְווֵייטֶער וִוידֶער אקול מבשׂר דֶערְטְרֶענְקְט. אָבֶּער דָאס אִיז אַלְץ נָאר בַּייא יוּנְגְוֶוערְק. וֶועלְכֶע זֶענְן נָאך נִישְׁט קֵיין צִילְיוּוִיזִירְטֶע חסידים. אמת אִיז חסידים הֶעלְפֶן אוֹיך אַרוֹים דֶם אַנְדֶערְן. אָבֶּער נָאר זֵייעֶרֶע. זֵייא זָאגְן נָאר אחסיד אִיז אמצוה צוּ הֶעלְפְן, זֵייא הַאלְטְן נִישְׁט פון כל ישׂראל יש להם וכו׳ . ישׂראל אִיז לשון יחיד. און להם אִיז לשון רבים . מֶען זָאל וֶועלְן אַיין זֶעהֶען צְווִישֶׁען דֶעם פְּרָאסְטְן הֲמוֹן. וִויא אֵיינֶער מִיט דֶעם אַנְדֶערְן הַאנְדֶעלְט. נִישְׁט אִין הַאנְדֶעל גֶעשֶׁעפְט נָאר בְּלוֹיז

אין

אין נאכבארשאפט. ער רעד מיט אים און עסט מיט אים. עס
איז אים דאך ליבער צו הערין אז יענער האט א פוס צו בראכן
וויא צו הערין אז יענער איז בעגליקט געווארין. ער זאגט טאקי
אוי וויא מיר, א שאד ! אבער דאך ווערט ער נישט אזוי טויט
וויא מען זאגט אים האסטו געהערט ? דיין שכן ר' ש. ט. האט
געווינען דאס גרויסע געווין, דא בלייבט ער שטיין אן גדאנקען.
ווען ביא מייל וואלט דיא איינע טרייסט נישט געוועזן. וואס מען
זאגט אז לאטריע געלד האט קיין בעשטאנד. און האפט אז
אין א קורצע צייט ווידער צו זעהן אים אויף דיא ערשטע מדרגה
וואלט ער טאקי נישט אויס געהאלטען, וואס זאל מען טאהן.
דער עולם השקר איז פערפאלן. גאנץ שווער דאס צו פערבעסערן.
גענוג דאפון גערעד עס איז פאר סוכות, מען מוז זעהן די גבוידעס
אויף צו שטעלן. אין דעם 2 טען טאג חול המועד וועלען מיר
דעם לעצטען בין הזמנים שליסען :

## 10) דער צווייטער טאג חול המועד סוכות.

איין זעהר שיינער הויף אינעווייניג ארום בעמויערט וויא אשלאס.
רעכטס זעהט מען דורך שטאבעטען איין זעהר שעהנען
גארטען. אין דער זייט שטייט איינע זעהר פרעכטיגע סוכה מיט
פליגעל אויף געשטעלט. פון ביידע זייטען פענסטערלך. אין דר
מיט צוויא האלבע טירען מיט טעשענע קלאמקעס. דיא סוכה
גרין אפ געפארבט. גענוג פון אויסען ווייניג זעהר שיין. א יושר
ליבער לעזער אריין צו גיין. געוויס מוז אינעווייניג אויך שיין
זיין. עס איז אצוגר פונקט מיטאגס שטונד. נון גייען מיר:
ביא דעם ערשטען טריט זעהט מען באלד וויא שיין דיא סוכה
איז. אויס געהאנגען מיט טייערע קאלדארעס. וועלכע זענען
עקסטרע דער צו בעשטימט. אין ביידע זייטען רעכטס אונד

## דער צווייטער טאג חול המועד סוכות

לינקס הענגען צווייא גרויסע שפיגלען פערגילד . נעבען דיא שפיגלען פון ביידע זייטען הענגען צו צווייא בראנזירטע עססעס מיטהאלב אפ גברענטע סטארין לעכט. איבער די פענסטערלך זעהר שיינע פארהאנגען מיט פערגילטע פרענזעלך און קוטעסלך אין מיטען שטייט איין קאלעכטיגער טיש . אין דער זייט איינע זאפע. דער טיש איז ארום מיט שטולען· נעבען טיש זיצען : פערשוין · דאס איז אונזער הערר רעכטמאן און זיין יונגעלע · אונד נאך איין מיטלמעסיגער מענש, דאס איז אונזער ערענסטער מלמד . פון דער גרויסער שטוב . אצונד וועלען מיר הערן וויא דיזער רעד מיט דעם ב״ב · און אויב ער געפעלט , א שאד מיר זענען שוין גקומען אין מיטען שמים. דאך וועלען מיר נאך עפעס הערן· דען דער סוף דאס איז דער עיקר :

רעכטמאן. חאטשי איר האלט פאר זייא . איז נאר מחמת אייער גוט הערץ. איר קענט נישט רעדן קיין לשון הרע . דאדורך ווילט איר מיר נישט נאך געבן . אבער מיט דעם אמת בין איך גירעכט . ר׳ ל. . (דאס איז דיא ערשטע בוכשטאב פון מלמדם נאמען) עס קען זיין נאר איך רעד נישט אויף קיינעם איך גייא זייא נישט אין וועג אריין. רופט מען מיך . און מיינע רייד העלפט נישט פאר דעם אלטען מלמדם וועגען . נוא נעם איך דעם תלמיד . דער ר׳ ה. ש. וואס האט מיך צו איך רעקעמענדירט לערינט שוין זיין יונגעל בייא מיר דעם 4 טען זמן . איך האב אים אליין אב גזאגט ווייל איך האב נישט דיא קינדער צו אים גלייך :

רעכטמאן . אייגענטליך פון וואנען זענט איהר ? מלמד . איך בין איין אסט...קער . מיין פאטער האט געהייסען ר חיים אקסען הענדלער א גרויסער עושר . ער האט מיר נאך געגעבן פיקר טויזענד טאהלער נדן . איך האב מיין ווייב איין האנדל

אײן

אַיין גֶפִירְט. דִיא הַצְלָחָה הָאט מִיר גֶעדְגט. אִיךְ בִּין גֶזֶעסֶען מִיט עֶטְלִיכֶע אָרִימֶע בָּחוּרִים אוּן גֶלֶערְנְט. זָא הָאט זִיךְ פְּלוּצְלוּנְג אַ פַייֶער אַרוֹיס גֶעהַאפְּט. אִיךְ בִּין קוֹים אִין אֵיין הֶעמְד אַרוֹיס. דֶער נָאךְ בִּין אִיךְ גֶוועֶן אַ שְׁרַייבֶּער בַּייא אַיין גֶעווִיסֶען סוֹחֵר. נָאר עֶס אִיז שׁוֹין גֶעוֶוען אוֹיף דֶער עֶלְטֶער. הָאט עֶר זִיךְ פוּן זַיינֶע גֶשֶׁעפְטֶן אַרוֹיס גֶלָאזְט, הָאבּ אִיךְ שׁוֹין קֵיין אַנְדֶערֶע שְׁטֶעל נִישְׁט גֶקְרִיגֶען. זָא בִּין אִיךְ קֵיין וַוארְשׁוֹיא גֶקוּמֶן אוּן לֶעבּ זֵייעֶר בְּדַחֲקוּת: רֶעכְמַאן. אָבֶּער אִין שְׁרַייבֶּען זֶענְט אִיר פָאלְקָאמֶען? אוּנְד אִין גֶשֶׁעפְטֶן צוּ פִירֶען גוּט בֶּקַאנְט. מלמד. אִיךְ וָואלְט נָאר אַזוֹי פִיל גֶשֶׁעפְטֶן גֶהַאט, זָאג אִיךְ דָאס אוֹי דָאס זִינְדִיגֶע שְׁטִיקֶל בְּרוֹיט. וֶוען אַיין מלמד רֶעדְ שׁוֹין אַמָאל אַרוֹיס אַוָוארְט שֶׁלֹא כְּהוֹגֶן. כְּדֵי מֶען אִים אוֹיךְ מוֹחֵל זַיין, אִיז דָאס גְלַייכְסְטֶע ווַייטֶער צוּ לָאזֶען אִיךְ וֶועל אִים קֵיין מַשִׂיג גְבוּל נִישְׁט טוּהְן, פָאלְגְט מִיךְ: רעכטמאן. אִיר ווֵייסְט נִישְׁט וָואס דִיזֶער הָאט מִיר גֶטוּהְן, אִיךְ וֶועל מִיךְ נִישְׁט רִימֶען וַוייל עֶס אִיז קֵיין אִיבְּרִיגְס נִישְׁט. מִיךְ קֶען מֶען אַז אִיךְ בֶּהַאנְדֶל גַאנְץ גוּט מלמדים. צְוֵוייא וָואכֶען פַאר ר״ה קוּמְט זִיךְ צוּ גֵיין דֶער מלמד. אוּן זָאגְט עֶס קוּמְט אִים נָאךְ אַרֶעשְׁט בִּיז סוֹף תשרי 10 רוּבֶּעל. זָאל אִיךְ אִים דָאס גֶעבֶּן זָאג אִיךְ וָואס וֶועט אִיר פֶערְזוֹימֶעי שְׁפֶּעטֶר, עֶס גֵייט דָאךְ יוֹם טוֹב, דְרַייסִיג רוּבֶּעל הָאבּ אִיךְ אַייךְ שׁוֹין גֶגֶעבֶּן. זָאגְט עֶר. אִיךְ בְּרוֹיךְ קֵיין . . צוּם . . צוּ פָארֶן. נוּא וֶועל אִיךְ מִיר מוּזֶען בַּייא אַיין אַנְדֶערֶן שַׁאפֶען. מִיךְ הָאט פְרַאוֶודֶע פֶערְדְרָאסֶען. וָואס אִיז דָאס צְוֵוייא וָואכֶען פַאר ר״ה צוּ פָארֶן: נוּא אִיךְ וֶועל דָא אִים נִישְׁט אַיין הַאלְטֶען. ווִילְסְט פָאהְרֶן, פָאהְר. אִיךְ שִׁיק מַיין יוּנְגֶעלֶע אָבּ נֶעמֶען דִיא סְפָרִים עֶר זָאלל אִין דֶער הֵיים אַלֵיין לֶערְנֶען. דֶען אִיךְ הָאבּ אִים נִישְׁט גֶווָאלְט גֶעבֶּן פוּן נַייעֶם ש״ס. גִיט זִיךְ דֶער מלמד אַ שְׁמִים, לָאז מִיר דַיין טַאטֶע אָבּ שִׁיקֶען דִי

# דער צווייטער טאג חול המועד סוכות

10 רוּבֶּעל וֶועל אִיךְ דִיא סְפָרִים אַרוֹיס גֶעבֶּן, נוּא פְּרֶעג אִיךְ אַייךְ וִויא הָאט עֶס מִיר גֶבְּרוֹיכְט צוּ שְׁמֶעקְן? אִיךְ בִּין אוֹיךְ קֵיין יָתוֹם קָטָן נִיט. אוּן הָאבּ אִים בַּייא דִיא רָאַנְאטְקֶעס גֶעלָאזְט דֶעם פַּאס פַּאר אַרֶעשְׁטִירֶען. אַזוֹי הָאט עֶר נָאךְ דֶעם שָׁלוֹם עֲלֵיכֶם בַּייא זִיךְ בִּיז דֶעם הַיינְטִיגֶען טָאג. דָאס אִיז דִי חָכְמָה פוּן אַ לַמְדָן? אַזוֹ פִּירְט זִיךְ אַ תַּלְמִיד חָכָם?

מלמד. פוּן דֶעסְט וֶועגֶן אַזוֹי בַּאלְד אַז אִיר הָאט אוֹיף אִים נִישְׁט מֶעהְר אוּיס צוּ זֶעצְן, אִיז מַיין דֵעָה אִים וַוייטֶער בַּייא דֶעם אֵייגֶענֶעם מְלַמֵּד צוּ הַאלְטֶן. אוּן אִיר זָאלְט אַייעֶר כָּבוֹד צוּ לִיבּ דִיא תּוֹרָה מוֹחֵל זַיין, וָוארֶען מִן הַסְּתָם אַז עֶר קֶען אַזוֹי וַוייט טְרִיצֶען מִיט אַ בַּעַל בַּיִת כּוּז עֶר גֶעווִיס אַגוּטֶער מְלַמֵּד זַיין;

רעכטמאן. הָאט מִיר נִישְׁט פַּאר אִיבֶּעל מַיין לִיבֶּער ר׳ ל.. אַז אִיר קֶענְט דָאס הַאלְטֶען פַּאר אַ קְלֵיינִיגְקֵייט זֶענְט אִיר שׁוֹין גוּט פַּאר מְלַמְּדוֹת. אִיךְ נֶעם, אַנְדֶערְשׁ אָן וַוייל דִיא תּוֹרָה מַאכְט קְלוּג דֶעם מֶענְשׁ. אִיךְ זָאג אַייךְ דֶעם אֱמֶת אִיר גֶעפֶעלְט מִיר זֶעהְר. עֶרְשְׁטֶענְס הָאבּ אִיךְ גֶעהֶערְט וִויא אִיר הָאט דָא מַיין יוּדְקֶעלֶן אֵיין שְׁטִיקֶל גמרא אוֹיף גֶעקְלֶערְט אוּן פַאר עֶנְטְוָוערְט אַזוֹינְס וָואס עֶס אִיז מִיר שׁוֹין לַאנְג קָשֶׁה. צְווייטֶענְס זֶענְט אִיר מִיט לָשׁוֹן הָרַע אָבּ גֶעהִיטֶען. דְרִיטֶענְס.. אִיךְ בֶּעט אַייךְ אִיבֶּער פַּאלְט אִים ר׳ ל.. אִין דִיא רֵייד אַרַיין. אִיךְ קֶען אַייעֶר קִינְד נִישְׁט גֶעהְמֶען בִּיז אִיךְ וֶועל וִויסֶען קְלָאהְר אַז דֶער מְלַמֵּד וֶועט בַּייא אַייךְ זִיבֶּער נִישְׁט וַוייטֶער בְּלַייבֶּען. דֶען מַיין נַאמוּר אִיז שׁוֹין אַזוֹי;

רעכטמאן. נוּא גְלֵייבְּט אִיהְר מִיר נִישְׁט אַז אִיךְ זָאג אֵיין מָאל נֵיין. אִיךְ קֶען בַּייא אִים דָאס יוּנְגֶעל נִישְׁט וַוייטֶער לָאזֶען;

מלמד. יוֹא גְלֵייבֶּען נִישְׁט גְלֵייבֶּען. אִיךְ קֶען דֶעם יוּנְגֶעל נִישְׁט צוּא נֶעמֶען.

רעכטמאן. נוּא פֶּער שֶׁעמְט אִיר מִיךְ

מיך, פאסט דאס פאר מיר, זיך בייא איין מלמד צו בעטען? מלמד. ווער וועט עס ברויכען צו וויסען. רעכטמאן, שרייט ביין, זאלט איר וויסען איך מאך אייך אויס מלמד. פאר דעם וואס איר פערשעכט מיך. ר' ל. ענטפערט גאנץ געלאסען מענט איר טוהן וואס איר ווילט איך וועל מיך פירען וויא איך האב מיך ביז אהער געפירט. איך נעם נישט צו קיין תלמיד ביז דער מלמד לאזט אים גוט ווילינ אפ. אדער דער מלמד ווערט אויס מלמד אדער ער ווערט בעגליקט. רעמאלט נעם איך דעם תלמיד צו, אזוי נישט. ווייסט איר וואס נאך זאגט ווייטער דער מלמד, איך ווייס גאנץ גוט דאס איר זענט איין בעל כח. איר זענט זייער חשוב בייא גרויסע לייט, איר קענט מיך לאזען טראנצפעטירען. וואס? זאגט רעכטמאן. איך וועל אייך נישט לאזען טראנצפעטירען נאר איך אליין וועל אייך טראנצפעטירען דורך מיין האנד איר וועט נישט מעהר זיין אין ווארשויא. נאר ביז נאך סוכות. הערט איר! מלמד. מן הסתם איז עס פון גאטט. בוודאי פון גאט, זאגט רעכטמאן. און מאכט אייך שוין רייזע פערטיג, דען נאך יום טוב בלייבט איר נישט אין ווארשויא, יודקעלע פאלט איבער דעם פאטער און וויינט. פאטער לעבען וואס ווילסטו פון דעם רבין האבען. ער איז דאך א גרויסער למדן א גרויסער שרייבער. רעכטמאן. וויל ער איז איין שרייבער וועט ער אין ווארשויא נישט בלייבען. מלמד צום יונגעל. ליב קינד בעט נישט פאר מיר, גאטט וועט מיר העלפען. רעכטמאן נעמט אים אן בייא זיין האנד און זאגט מיט גלעכטער. מיין טייערער פריינד, גאטט ברוך הוא האט אייך שוין געהאלפען, איר זאלט וויסען, איר בלייבט מיין מענש, איר זענט שוין אויס מלמד. שוין פא־

דאס

## דער צווייטער טאָג חול המועד סוכות

דָאס אָרְמֶע שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיט . אִיךְ קֶען אַייךְ פוּן לַאנְג פַאר אַיין עֶרְלִיכֶען מַאן און טְרַייעֶר מֶענְשׁ . אַייעֶר פְּרִינְצִיפַּאל הָאט אַייךְ פִיל מָאל פַאר מִיר גֶעלוֹיבְּט . אִיךְ הָאבּ אַצוּנְד גֶעפְּרוּבְּט אוּנְד גַאנְץ גֶעלַאסֶען גֶעפוּנֶען . נוּא וָואס זִיצְט אִיר אַזוֹי בְּלַאס . אִיר גְלֵייבְּט מִיר נִישְׁט . אִיר מֶעגְט זֶעכֶער זַיין . אִיר בֶּעקוּמְט בַּייא מִיר 10 רוּבֶּעל אַ וָואךְ , אוֹיסֶער וָואהְנוּנְג , הָאלְץ און לֶעכְט . אוֹיף יָמִים טוֹבִים טָאפֶּעלְט . אִיךְ וֶועה אַז אִיר זֶענְט גַאנְץ פֶער אָרֶעמְט . דָא הָאט אִיר פוּנְפְצִיג רוּבֶּעל , בֶּעקְלֵייד אַייךְ בַּאלְד נָאךְ יוֹם טוֹב , חוֹל הַמוֹעֵד וֶועט אִיר דָאךְ אַייךְ בְּוַודַאי נִישְׁט לָאזֶען מַאכֶען . אִיךְ וֶועל אוֹיךְ מִיט דֶעם טְרַאנְצְפָּארְט וָוארְט הַאלְטֶען . בְּאַלְד נָאךְ יוֹ״ט וֶועל אִיךְ אַייךְ אַוֶועק שִׁיקֶען אוֹיף אַ גַאנְצֶען וִוינְטֶער קַיין בר . . אִיר וֶועט שׁוֹין דָארְט טְרֶעפֶען מַיינֶע קָארֶעסְפָּאנְדֶענְטֶען און רֶעסְקְרִיפְּטֶען . אִיר מֶעגְט אַייךְ אַייעֶר וַוייבּ מִיט נֶעהְמֶען . אִיר וֶועט דָארְט הָאבֶּען פוּן אַלֶעם גוּטֶען . הַאנְד גֶעלְד הָאט אִיר דָאךְ שׁוֹין פוּנְפְצִיג רוּבֶּעל , און בְּלַייבְּט הַיינְט בַּייא מִיר אוֹיף אַ מִיטָאגֶם . ר׳ ל. קְרִיגְט צוּרִיק זַיין לָשׁוֹן וֶועלְכֶעם עֶר הָאט בִּיז אַהֶער נִישְׁט גֶהַאט פַאר גְרוֹיס פֶערְוִוינְדֶערוּנְג און זָאגְט , אִין דֶעם וִויא עֶר שְׁטֶעלְט זִיךְ אוֹיף , גֶעלוֹיבְּט בִּיזְטוּ הֵיילִיגֶער גָאטְט , פַאר דַיינֶע חֲסָדִים וָואס דוּא טוּסְט מִיט מִיר . זָאלְסְט מַצְלִיחַ זַיין מַיינֶע וֶועגֶען וִויא מֶען וֶועט מִיךְ שִׁיקֶען . גִיבּ אוֹיךְ מַיין בַּעַל חֶסֶד מַזָל , וִויא עֶר וֶועט זִיךְ קֶערֶען און וֶוענְדֶע , זָאלְסְטוּ אִים מַאֲרִיךְ יָמִים זַיין מִיט וַוייבּ און קִינְד . צוּ רֶעכְטְמַאן . דָאס בֶּעט אִיךְ אַייךְ וַוייל אִיךְ קֶען אַייעֶר עֶרְשְׁטֶען בֶּעפֶעהְל נִישְׁט אָבּ זָאגֶען . אִיר הֵייסְט מִיךְ דָא אוֹיף מִיטָאג בְּלֵייבֶען . אִיךְ וָואלְט אָבֶּער גֶערֶען וִויא אַם

גנעשווינכטען

געשווינסטען אהיים גענאנגען. מיין ווייב און קינד דיא בשורה טובה אן זאגען. איר קענט אייך פארשטעלען וויא גרויס דיא שמחה וועט ביא זייא זיין. איך שעהם מיך נישט איך האב קיין דאטא נישט גהאט אויף דיא אנדרע טעג. רעכטמאן. אויך גאנץ גרעכט. א געטרייער מאן אונד פאטער. נוא טרינקט זיא א גלעזעל וויין, און דא האט איר בעזונדער צווייא רובעל אויף אמיטאגס, און נאך יו״ט באלד אין דער פריא אי״ה קומט צו מיר. וועלען מיר קאנטראקט מאכען. זייא טרינקען וויין. זאגען זיך גאנץ פריינדליך לחיים. דער ר׳ ל. שרייבער, שוין נישט מלמד, געזעגענט זיך מיט גרויס שמחה. באלד פאר דעם טי׳ער איין דראשקע געחאפט. דאס איז געוויס אז צייט ער איז אין ווארשויא איז ער יעצט דאס ערשטע מאל, אין אדראשקע געפארען. דיא שמחה וואס ווייב און קינד האבען געהאט ווען ער איז אהיים געקומען, קען שוין דער לעזער וואהל מערקען, און מיט וואס פאר איין פערגניגען ער האט דעם שמחת תורה צו געבראכט. אויף אללע מלמדים געזאגט. איין זארג האט ער איבער געלאזט דעם ב״ב פון דער דירה וויא וועט ער נעמען א״טען קאמערניק? שאד נישט מיוועט קריגען. אצונד ליבער לעזער בעראנק איך מיך וועיר דוא ביזט מיט מיר אומצזוס מיט געגאנגען, און דוא האסט דיך איבערציגט, און אלץ אויף געשריבען צו גערענקען:

---

## שָׁלוֹם

דֶער ר׳ ל. הָאט זָא וַוייט גֶעאַרְבֶּעט דַאס דֶער תַּלְמִיד זָאל וַוייטֶער בְּלַייבֶּען בַּייא דֶעם אַלְטֶען מְלַמֵּד. גֶענוּג דָאס אַנְדֶערֶע יָאהְר זֶענֶען אַסַאךְ אוֹיף גֶרֶעכְט גֶעוָוארֶען. אוּנְזֶער ר׳ ל. גֶעוֶועזֶענֶער מְלַמֵּד, אַ פִּירְמֶער לָאקַאטֶער אִיז גֶעוָוארֶען, בַּייא דֶעם פָּאדְרַייטְשִׁיק דֶער הֶעכְסְטֶער שְׁרַייבֶּר, פִיל מְלַמְּדִים הָאבֶּען אוֹיף גֶהֶערְט לָשׁוֹן הָרָע צוּ רֶעדֶען. אִיבֶּערְהוֹיפְּט הָאט זִיךְ אוּנְזֶער חֲסִידִישֶׁער יוּנְגֶער מַאן דָאס אֵיידֶעמָאל גֶעפְרֵייט מִיט זַיין בֶּעפְרַייטֶען פְרַאשְׁפָּארְט, אוּן אִיז אוֹיפְס יָאהְר אַיין גֶעשְׁטַאנֶען צוּ זַאמֶען אִין אַיין סְטַאנְצִיֶע מִיט אוּנְזֶער יוּדְקֶעלֶען:

ע נ ד ע

# דָאס בִּיכעל !

לִיבֶּער טַייעֶרֶער לֶעזֶער ! אִיךְ בִּיטְטֶע זַייעֶר , מִיךְ נִישְׁט צוּ פֶּערְאַכְטֶען , אוּנְד צוּ זֶעהְ'ן מַיינֶע וֶוערְטֶער מִיט רֵיינֶע גֶערַאנְקֶען גוּט בֶּעטְרַאכְטֶען , וָוארוּם דֶער מֶענְשׁ וָואס פָּארְשְׁט אִימְמֶער דִיא וָוארְהֵייט צוּא ווִיסֶּען , וֶועט זֶעלְבְּסְט שׁוֹין פֶּערְשְׁטֵיין מַיין פֶערְפַאסֶערְס עֶרְלִיכֶע אוּנְד רֵיינֶע גֶעווִיסֶען , נִישְׁט אַזוֹי וִויא דֶער (מחבר) וָואס הָאט דֶעם שְׁטֶערִין טִיכֶעל גֶעמַאכְט , אָדֶער שַׁבָּת חֲנוּכָּה אִין מֶעזִיבּוּז מִיט פַאלְשֶׁע גֶעדַאנְקֶען אוֹיס גֶעטְרַאכְט , וֶועלְכֶער הָאט מִיט זַיינֶע וֶוערְטֶער אַלֶלֶע גוּטֶע אִידֶען אוֹיס גֶעלַאכְט , אוֹיךְ אַנְדֶערֶע אוּנְד פֶּערְשִׁידֶענֶע הֵיילִיגֶע זַאכִין הָאט עֶר זַייעֶר פֶּערְאַכְט . נַיין ! דָאס הָאט מַיין פֶּערְפַאסֶער נִימַאלְד נִישְׁט גֶדֶענְקְט אוּנְד גֶעמֵיינְט , דֶעם וַואהְרֶען חָסִיד אוּנְד פְרוּמֶע אִידֶען הָאט עֶר נָאךְ בֶּעשֵׁיינְט , וֶוען דָאס יוּנְגְוֶוערְק וֶועלִין זִיךְ צוּ דֶעם אֶרֶענְטְלִיכֶען אוֹיפְפִיהְרוּנְג קְוֵוילֶען , וֶועט זִיךְ גֶעוִויס אַלֶלֶע גֶעפֶעהְרְלִיכֶע פֶעהְלֶערְס גַאנְץ גֶעשְׁוִוינְד אוֹיס הֵיילֶען , אַלְלֶע וֶועלִין מַיין פֶּערְפַאסֶער זַייעֶר דַאנְקֶען אוּנְד לוֹיבֶּען זַיינֶע זִיטְטֶען , אוּנְד וֶועלִין נִישְׁט שְׁפָּארֶען קֵיין גֶעלְד מִיךְ אָפּ צוּ גִילְטֶען , דֶען דָאס וֶוערְק וֶועט זַיין גֶעוִויס בֶּערִימְט צְווִישֶׁען חֲכָמִים וּנְבוֹנִים , אוֹיךְ דֶער צוּא פַאסְט מִיר זַייעֶר דֶער טִיטֶעל בֵּין הַזְכַנִים :

